פרץ הירשביין.

# פון וועג צו וועג.

(נייע דראַמען).

אויפ'ן שייד-וועג.
ביי'ם ברעג.
דער לעצטער.

פערלאַג
„פראגרעס"
ווארשא.

תרע"א.

1911.

פרץ הירשביין.

# אויפ'ן שייד=וועג.

א דראַמע אין דריי אַקטען.

# פּערזאָנען:

מיכאַל העלמאַן — אַ קונסט־מאָלער.

דאָראַ העלמאַן — זיין פרוי.

עמאַ
יוליאַן — זייערע קינדער.
טילע

ברוך שנייערמאַן — אַמאָליגער העלמאַנס אַ חבר פון אַקאַדעמיע.

פרידע — זיין טאָכטער.



# ערשטער אקט.

בײַ מיכאל העלמאַן.

אַ גרויס ליכטיג צימער, וועלכעס איז לויט זיין אויפפאַסונג עהנליך מעהר צו אַ קינדערצימער. וואו-ניט-וואו איז צו מערקען קינדערשע שפּיעלצײַג. רעכטס און לינקס צו אײַנציגע טירען. אין הינטער-וואַנד צוויי פענסטער. אַ־ום האַלבען טאָג.

פרידע און יוליאַן קומען אַן דורך דער טיר לינקס. זיי טראָגען ביידע אַ טישעל. בלײַבען שטעהן אין מיטען צימער.

פרידע : זאָל ער דערווײַל שטעהן אין מיטען צימער, ביז עמאַ וועט אַרײַנקומען.

יוליאַן : איבערהויפּט בעדאַרף קיינער ניט וויסען דאָס, וואָס מיר האָבען צוגעקלערט.

פרידע : דאַכט זיך, אַז קיינער האָט אונז נישט בעמערקט, ווען מיר האָבען דעם טיש פון דאָרט אַרויסגעטראָגען.

יוליאַן : די אַלע קינדערשע נאַרישקײַטען איז שוין צײַט פון דאַנען אַרויסצוטראָגען

פרידע : דאָך איז אַ שאָד , מיט איין מאָל , פון קליינע קינדער פלוצלונג גרויסע מענשען ווערען .

יוליאַן : (ער נעהמט פאַר'ן צוים דעם קינסטליכען פערד , וועלכער שטעהט אין א ווינקעל) איך געדענק , ווען כ'האָב אויף דעם הילצער־נעם פערד געריטען .

פרידע : און זיך פאַרגעשטעלט , אַז איהר רייט אויף אַ לעבעדי־גען פערד .

יוליאַן : געוויס , אַז איך פלעג איהם אַ שמייץ טהון , ער זאָל שנע־לער געהן , האָב איך געמיינט , אַז איהם טהוען די שמייץ וועה .

פרידע : און אַז ער לויפט אין אמת'ן שנעלער ?

יוליאַן : און אַז ער לויפט שנעלער (ביידע לאַכען צופרידען) .

פרידע : און איך פלעג מיר קינדוויייז ביינאַכט אויפחאַפּען און זעהן, אויב די פּופּע מיינע שלאָפט ; אָדער אפשר וויל זי זיך איבערקעהרען אויף דער אַנדערער זייט (ביידע לאַכען) . מיר לאַכען אַזוי הויך , אַז מען קען נאָך דערהערען אין יענעם צימער .

יוליאַן : און מיט אַמאָל זענען מיר גרויסע געוואָרען . . . נײן , מיר זענען דאָך נאָך אַלץ קליינע קינדער געבליבען .

פרידע : פּרובט זיך איצט זעצען אויפ'ן פערד רייטענדיג , איך וועל זעהן .

יוליאַן : אָט וועל איך באַלד אויפוועקען טילעס פּופּע און איהר חעט זי אויפ'ן האַנד נעהמען , איך וויל אויך זעהן . . . (ביידע לאַכען) .

פרידע : דאָך זאָל בלייבען דער נאָמען פון דעם צימער „דער קינדער־זאַל" און דאָ וועלען מיר זיך אַלע מאָל צוזויפּ־קלייבען אין געסט .

יוליאַן : וואָלט שוין אייער פאָטער רעדען מיט מיין מוטער .

פרידע : אַז איך זאָל אינגאַנצען בלייבען ביי אייך אין הויז ?

יוליאַן : נו, געווים.

פרידע : איך מיין, אַז וועגען דעם רעדען זיי איצטער.

יוליאַן : זיי זיצען ביי דער מוטער אין קאַבינעט ?

פרידע : יאָ, דאָרטען זיצען זיי. איך מיין, אַז געווים האָט שוין דער פאָטער גערעדט מיט איהר ?

יוליאַן : זי וועט אונז וועגען דעם דערציילען. זי דערצעהלט אונז וועגען אַלץ.

פרידע : איצטער רעדען זיי געווים וועגען דעם...

יוליאַן : דאָס וואָלט גוט געווען.

פרידע : אַך, ווי גוט דאָס וואָלט געווען!

עמאַ : (קומט אַריין, טראָגט אַ גרויסען פאָרטרעט אין אַ גרין-בעגאָלדעטען ראַם איינגעפּאַסט) נישט געווען דאָ די מאַמע ?

יוליאַן : ניין, וואָס טראָגסטו אַזוינס ? אַך, דעם פּאַפּאַ אין דער יוגענד !

עמאַ : איך האָב דעם פּאָרטרעט אויפ'ן בוידעם צווישען זיינע אַמאָליגע בילדער געפונען. (אַלע באַקוקען דעם פּאָרטרעט).

פרידע : אָט דאָס איז אייער פאָטער אין דער יוגענד — ווי שען ער איז !

יוליאַן : קיינער האָט איהם נים בעמערקט ?

עמאַ : קיינער נים.

פרידע : ווי טיעף זיינע אויגען זענען! זיי זענען ביי איהם שוואַרצע, יאָ ?

עמאַ : ער איז דאָך אַ ברונעט !

פרידע : איצטער איז ער שוין גרוי ?

יוליאַן : נישט אַזוי שטאַרק גרוי.

עמאַ : דער ליעבער פּאַפּאַ אונזערער; ווי שען ער איז דאָ!..

נו, שנעלער, זאָגט וואו זאָלען מיר איהם אויפהענגען?

**פרידע**: ווען איהר זאָלט נאָך בעקומען דער מוטערס פּאָרטרעט פון יענער צייט, וואָלט מען זיי אויפגעהאַנגען אין דער הויך, איבער ביידע טירען.

**יוליאן**: ווייסטו, עמא, ווי מיר ווען אונזער צימער א נאָמען געבען?

**עמא**: פון מאָרגען אָן און ווייטער זאָל אונזער צימער הייסען דער „יוגענד־זאַל".

**פרידע**: אַך, ווי שען!

**יוליאן**: דאָס געפעלט מיר אויך.

**עמא**: איך וועל נאָך אויפזוכען דער מוטערס פּאָרטרעט, — אויך פון דער יוגענד: דער פּאַפּאַ האָט אַליין פון איהר דעם פּאָרטרעט געמאָלען, ווען זיי זענען נאָך חתן־כלה געוועזען. און דו, פרידע, וועסט בעטען דיין פּאַפּאַ, ער זאָל אונז אויסמאָלען דאָס בילד פון דער יוגענד.

**יוליאן**: אַ בילד פון דער יוגענד!

**פרידע**: אַ בילד פון דער יוגענד!

**עמא**: דאָס בילד זאָל פאָרשטעלען דעם זונען־אויפגאַנג — און נישט מעהר. דאָס בילד וועלען מיר אויפהענגען, אָט דאָ, אַנטקעגען דער טיר.

**פרידע**: די גאַנצע יוגענד אין דעם זונענאויפגאַנג!

**יוליאן**: הא... די גאַנצע יוגענד אין דעם זונענאויפגאַנג.

**פרידע**: און פון צווישען די זונענשטראַהלען זאָל זיך אַ געזיכט אַרויסשפּיגלען.

**עמא**: (האַפּט פרידע פאַר ביידע הענד) דיין געזיכט, פרידע, זאָל ער קאָפּירען, גוט?

**פרידע**: ניין, ניין; דיין געזיכט זאָל מען קאָפּירען. און אפשר זאָל מען גאָר יוליאַנען דערצו קאָפּירען. איך וועל מיין פּאַפּאַ נאָך היינט בעטען.

עמא : געוויס נאך היינט, דו זאלסט איהם אבער ניט זאגען, צוליעב וואס מיר פערלאנגען עס.

פרידע : נו, געוויס וועל איך איהם ניט זאגען.

יוליאן : און דו מיינסט, ער וועט פאלגען?

עמא : פרידע זאל איהם גוט בעטען.

פרידע : ער וועט מיך געוויס פאלגען. (א וויילע בלייבען אלע שטעהן שווייגענדיג, ווי בעגייסטערט פון דער אידעע.)

יוליאן : וואס נאך זאל מען אהער ברענגען?

פרידע : מיר דוכט, אז אלץ איז שוין אין דעם צימער פארהאנדען.

עמא : (אומעטיג) אלץ איז שוין פארהאנדען... ווען אונזער פאטער וואלט וועלען צו אונז אהער אריינקומען...

פרידע : קומט ער גאר ניט אריין צו אייך?

עמא : גאנץ זעלטען.

יוליאן : איך וועל איהם בעטען, ער זאל צו אונז אין געסט קומען, ווען מיר וועלען דאס צימער בעגייען.

פרידע : דאס וואלט זעהר שען זיין.

עמא : די מוטער וועט א רעדע האלטען, און מיר וועלען זי הויך, הויך אויפהויבען ביז צום זונענאויפגאנג.

יוליאן : ווען דאס בילד וועט שוין פארטיג זיין און אויפ'ן וואנד העננגען.

עמא : ביז צום זונענאויפגאנג וועלען מיר זי הויבען. — אלץ ווענדט זיך דאך אן אונז; אויב מיר וועלען נאר שטארק פערלאנגען. — וואס ניט, פרידע?

פרידע : געוויס, אלץ ווענדט זיך אן אונז.

עמא : איצט וועלען מיר אלע איינאיינעם אויסרופען, ווי אונזער צימער וועט הייסען, אבער ניט הויך, מען זאל ניט הערען אין יענע צימערן — נו, דער יוגענדזאל!

אלע : דער יוגענדזאל! דער יוגענדזאל!

**עמא** : איצט וועל איך געהן נאך עפּיס פאר אונזער יוגענדזאל אויסזוכען (געהט ארויס)

**פרידע** : האסט געמערקט, ווי שען דיין שוועסטער איז?

**יוליאן** : (שווייגט)

**פרידע** : האסט געזעהן?

**יוליאן** : איך האב געקוקט, ווי שען פרידע איז.

**פרידע** : און איך האב געקוקט אויף אייך ביידען. (פערשעמט) אויפ'ן ברודער און אויף דער שוועסטער און איך האב אייך ביידען געזעהן. (ביידע שווייגען).

**יוליאן** : וועלען מיר אויך געהן עפּיס אויסגעפינען פאר אונזער צימער?

**פרידע** : ווילסט, איך זאל דעם פאטער מיינעם בעטען, ער זאל אין דעם בילד פון זונענאויפגאנג דיין געשטאלט אב־שפּיגלען?

**יוליאן** : איך וועל איהם בעטען, ער זאל דיך קאפּירען; עמא וועט עס אויך פון איהם פערלאנגען.

**פרידע** : דיך און עמען; עמא וועט זיין דאס מארגען־ליכט.

**יוליאן** : (קוקט איהר מיט ליעבע אין די אויגען גלייך) און דו, ביי אונז וועסטו שוין בלייבען? דא מיט אונז אינאיינעם וואקסען? עמא איז אלט זעכצעהן יאהר, איך פיפצעהן און טילע עלף יאהר — א, ווי לאנג מיר וועלען נאך אינאיינעם וואקסען!

**פרידע** : און אייער מוטער וועל איך אויך מוטער רופען. איך וועל עס אזוי אויסרעדען קינדיש, ווי די קליינע טילע. (שווייגען ביידע)

**יוליאן** : דו געדענקסט גאר ניט דיין מוטער?

**פרידע** : ניין, איך געדענק זי ניט.

**יוליאן** : דיין פאפא האט דיר קיינמאל וועגען איהר ניט דער־צעהלט?

**פרידע** : ער דערצעהלט מיר וועגען איהר קיינמאָל גאָרנישט און איך אַליין וויל איהם קיינמאָל וועגען דעם ניט פרעגען.

**יוליאַן** : פאַרוואָס ?

**פרידע** : אַזוי, איך קען איהם קיינמאָל וועגען איהר ניט דערמאָה=נען. ער קען נאָך טרויעריגער ווערען. ווען ער זאָל וועלען, וואָלט ער דאָך מיר אַליין דערצעהלט.

**יוליאַן** : און צווישען די בילדער וואָס הענגען ביי איהם אין אַר=ביים=צימער ?

**פרידע** : איך זוך זי שטענדיג צווישען זיינע בילדער, איך וויל זי דערקיגען.

**יוליאַן** : איך וואָלט זי שוין דערקענט. ווען איך וואָלט קיינמאָל מיין מוטער ניט געזעהן און מען וואָלט מיר וויזען א גאַנצע אויסשטעלונג פון פאָרטרעטען, פרויען=פאָרטרעטען, און הייסען מיר צווישען זיי מיין מוטער דערקענען — וואָלט איך זי גלייך דערקענט.

**פרידע** : וויל דיין שוועסטער, עמא, איז אין איהר געראָטען.

**יוליאַן** : ניין; וויל קיין אַנדערע מוטער אויסער מיינער וואָלט איך מיר קיינמאָל אין מיין געדאַנק ניט געקענט פאָר=שטעלען.

**פרידע** : צווישען מיין פאָטערס בילדער, אפילו צווישען זיינע לאַנדשאַפטען, זענען זעהר פיעל בילדער פאַרהאַן מיט פרויענגעשטאַלטען. — א גרויסער לאַנדשאַפט — און אַנ'=איין=איינציגע פרויענגעשטאַלט; און די פרויען זענען זעהר עהנליך איינע צו דער צווייטער.

**יוליאַן** : (ווי א סוד איהר איבערגעבענדיג) דאָס איז דיין מוטער.

**פרידע** : מיינסט אַזוי ?

**יוליאַן** : ווערסט עמען פרעגען, וועט זי דיר אויך דאָס איינענע זאָגען.

**פרידע** : איין בילד שטעלט פאָר א גרויסען וואַלד. פון וואַלד

גערט אַרויס, שטיל, ווי פערגנב'ענדיג זיך, אַ פרויענגעשטאַלט. זי בלייבט שטעהן ביים ראַנד פון וואַלד און קוקט זיך אום פאָרשענדיג וואוהין צו געהן. און דאָס לעצטע בילד זיינס, נאָך ניט פערענדיגט אינגאַנצען, שטעלט פאָר אַ פאַרנאַכט; די זון לאָזט זיך אַראָב, ס'בעווייזט זיך אַ וועג, וועלכער ווייטער אַ ביסל צוטיילט ער זיך אויף צוויי בעזונדערע וועגען. און אויפ'ן שיידוועג זיצט אַ יונגע פרוי און קוקט נאָך אַזוי אָנגעשטרענגט און טרויעריג, ווי אַ יונג קינד געהט אַוועק אויף איינעם פון די צוויי וועגען. איהר פּנים דריקט אויס גרויסע שמערצען, גלייך ווי זי וואָלט זיין אַ מוטער און זי קוקט עס נאָך איהר איין און איינציג קינד, וואָס געהט אַוועק פון איהר.

יוליאַן: און די געשטאַלטען זענען עהנליך איינס צום אַנדערן?

פרידע: זעהר עהנליך; די מוטער איבערהויפּט. ביים לעצטען בילד אַרבייט ער שוין אַ לאַנגע צייט. פון אָנהויב איז עס אַליין פאָרגעקומען ביים זונענאויפגאַנג; ס'האָט נאָך דער מאָרגענשטערן געלויכטען, און איצטער קומט עס שוין צו אַ פאַר ביים זונענאונטערגאַנג.

יוליאַן: און ס'איז שוין פינסטער אַרום?

פרידע: ווי ס'וואָלט זיך, אויף דעם אַנדערן זייט הימעל, אויף אַ רעגען קלייבען. דאָס האָב איך שוין נעבען מיין פאָטערס אַרבייט געלערנט; איך קוק אויף די בוימער וואָס אויפ'ן לייוועגד, — אַזוי רוהיג זענען זיי, גאָר שטיל — און עס שפּירט זיך, אַז באַלד וועט אַ שטורם אויסברעכען.

יוליאַן: און דו פרעגסט ביי איהם קיינמאָל ניט?

פרידע: ווען ער שטעהט ביי דער אַרבייט, האָב איך מורא פאַר איהם. — דיין פאָטער איז דען ניט אַזוי?

יוליאַן: (פערקלערט; ענטפערט ניט).

**פרידע** : דו פער׳גנב׳עסט זיך אמאל הינטער זיינע פלייצעס, ווען ער ארבייט ?

**יוליאן** : ס׳איז מיר מיט אמאל אומעטיג געווארען.

**פרידע** : קום וועלען מיר געהן אויפזוכען עמען.

**יוליאן** : (ווי ער וואלט זיך אן עפעס דערמאהנען) איך וואלט צווישען די בילדער מיין מוטער דערקענט.

**פרידע** : (זי דערנעהנטערט זיך צו איהם ; זי נעהמט זיין האנד און דריקט צו איהר הארצען, רעדט געהיימניספאל) ווייסט עס, יוליאן ? פון וואלד געהט שטיל די פרוי ארויס, ווייסט, ווער דאס איז ? מיין מוטער !.. זי שטעהט זיך ביים ראנד וואלד און קוקט אויף אלע זייטען און זוכט — דאס זוכט זי עס מיך, איהר פערלוירענעס קינד. וואס זאגסטו, יוליאן ? מיר זוכט זי עס... (ביידע שווייגען)

**עמא** : (קומט אריין).

**פרידע** : (ווארפט זיך עמען אויפ׳ן האלז) עמא, מיין שוועסטער ! מיין שוועסטער... (פערבארגט איהר קאפ אויף עמאס אקסעל).

**עמא** : די מאמא רעדט איצט מיט מיין פאטער, פרידע.

**פרידע** : (ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ) ווי זעהט ער איצט אויס, דער פאפא מיינער ? ער מוז געווים בלאס זיין. האסט נאך קיינמאל מיט מיין פאטער ניט גערעדט אזוי... האסט נאך קיינמאל ניט... א, ווען איך וואלט מיר קענען אזוי שטיל זיך צו איהם אין הארצען ארײנשלײכען...

**יוליאן** : ער ליעבט דיך דאך אזוי שטארק.

**פרידע** : דעריבער דערצעהלט ער מיר פון קיין זאך ניט. ער דערצעהלט מיר ניט פון דעם, וואס ער טראגט טיעף ביי זיך אין הארצען.

**יוליאן** : מיר דוכט, אז מען געהט אהער.

**פרידע** : קומט לאמיר איצט פון דאנען ארויסגעהן. (געהען אלע אב רעכטס).

מיכאל העלמאַן (קומט אַריין, ער פיהרט בײַם האַנד טילען).

טילע : זעהסט, ווי שען בײַ אונז איז דאָ?

מיכאל : נעבען דער מוטער איז דאָך דיר פיעל בעסער צו זײַן.

טילע : איך וויל נעבען דיר אויך זײַן. בײַם פאַפּאַ אויף די הענד איז זעהר גוט צו זיצען. און דו געהסט אַוועק פון מיר.

מיכאל : די מוטער אָבער האָט דאָך דיך ליעב.

טילע : דו האָסט מיך אויך ליעב.

מיכאל : פון וואַנען ווייסטו עס? די מוטער האָט דיר געהייסען אַזוי זאָגען?

טילע : איך אַליין פערשטעה. איך וויל, אַז דײַן מיר זאָל זײַן שטענדיג אָפען; איך זאָל דיך שטענדיג קענען זעהן...

מיכאל : ווילסט מיך זעהן...

טילע : פרירע געהט שטענדיג מיט איהר פאַפּאַ, ער פיהרט זי בײַם האַנד (זי בעמערקט דעם פּאָרטרעט אויפ'ן טיש) דאָס ביסטו, פאַפּאַ?

מיכאל : איך? מײַן פּאָרטרעט...

טילע : דאָס ביסטו?

מיכאל : ווי קומט ער אַהער? די מוטער זיצט דאָ אַמאָל? (ער קוקט זיך צו לאַנג צום בילד) מײַן יוגענד... איך דערקען זי ווי אין אַן אַלטען פערבאָרגענעם שפּיגעל... נאָך דער אַמאָליגער שטריך — די האַנד איז פעסטער געוועזען, זיכערער. (קוקט צום בילד, ווי ער וואָלט זיך פערטיעפען אין אַלטע זכרונות) דער אונצופרידענער קנײַטש אין ווינקעל, נעבען די ליפּען, — געוועזען און אַזוי שוין פערבליבען. ווייסט נישט, טילע, פון וואַנען דער פּאָרטרעט האָט זיך דאָ איצט גענומען? די מוטער האָט איהם אַהער געבראַכט?

טילע : כ'וויל דיר גאָרנישט זאָגען.

מיכאל : די מוטער האָט עס דיר געהייסען אַזוי ענטפערן?

טילע : איך ווייס, ווער ס'האָט דאָס בילד אַהער געבראַכט.

מיכאל : איך האָב דיך ליעב, מיין קינד.

מילע : און אַז איך וועל דיך רופען — פּאַטער! וועסטו זיך אומקוקען?

מיכאל : (שווייגט)

מילע : (גלעט זיין האַנד) איך וועל עס דיר קיינמאָל ניט דערצעהלען, חאָס איך ווייס. דו הערסט — קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט.

מיכאל : זאָג מיר, קינד מיינס, ווער האָט דאָס בילד אַהער געבראַכט? ס'איז דאָך געווען ערגעץ אויפ'ן בוידעם פערוואָרפען. ווער וויל עס איצטער דאָס דאָזיגע בילד אויפ'ן וואַנד אויפהענגען? די מוטער?

מילע : ניין, דו ווייסט ניט, דו ווייסט גאָרניט... איך ליעג אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט אויף מיין געלעגער מיט אָפענע אויגען און איך קען ניט שלאָפען.

מיכאל (פערוואונדערט) וואָרום דען?

מילע : ס'איז מיר אומעטיג און איך בענק אַזוי, פּאַפּאַ...

מיכאל : וואוהין, קינד מיינס?

מילע : איך בענק צו דיר אַזוי שטאַרק! אַזוי שטאַרק ווי די מאַמאַ בענק איך. איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגען: „קינד מיינס, ליעב האָב איך דיך, ליעב האָב איך דיך" — אַזוי ווי די מאַמאַ זאָגט מיר שטענדיג... און אַז זי זאָגט עס מיר, זענען איהרע אויגען פול מיט טרעהרען, און איך פערשטעה פאַרוואָס דאָס איז.

מיכאל : נאָר צו דיר אַליין איז זי אַזוי?

מילע : ניין, צו אונז אַלעמען. זי זעצט זיך אַמאָל אַנידער אויפ'ן טעפּיך, אויף דער ערד און מיר אַלע אַרום איהר. זי קושט אונז, זי האַלזט אונז, — „קינדערליך מיינע ליעבע, קינדערליך מיינע ליעבע" — זאָגט זי צו אונז.

מיכאל : (ווי צו זיך) ווי גליקליך איז די מוטער!

**טילע**: (קוקט איהם פאַרשענד גלײַך אין די אויגען) זאָג מיר, פאָטער, נאָך עפּיס, וועל איך דיר דערצעהלען . . .

**מיכאל**: וואָס קען איך דיר זאָגען? אײַער מוטער האָט פאַר אײַך אַלעמען אַזוי פיעל ליעבע ווערטער, — און איך האָב זײַ ניט; מיר פעהלען זײַ.

**טילע**: און אַז די מאַמאַ שטעהט אַמאָל הינטער דײַן טיר — ווייסטו אויך ניט.

**מיכאל**: (פערוואונדערט) ווער שטעהט הינטער מײַן טיר?

**טילע**: די מאַמאַ שטעהט בײַ דיר הינטערן טיר.

**מיכאל**: ווער האָט עס דיר געזאָגט?

**טילע**: אַמאָל בײַנאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפען. אַ גאַנצע נאַכט בין איך אַזוי געלעגען מיט אָפענע אויגען. איך האָב געוואָלט דיך זעהן, האָב איך מיר אַזוי שטיל פון בעט אַרײַנגעשלײַכט, קײנער זאָל ניט הערען, און שטיל בין איך פון מײַן צימער אַרויסגעגאַנגען און דורך דעם זאַל האָב איך געוואָלט דורכגעהן און אין דײַן טיר אָנקלאַפּען. איך בין אַזוי שטיל, אויף די שפּיץ פינגער געגאַנגען און כ'האָב דערזעהן, ווי זי איז געשטאַנען אינ־גאַנצען צום טיר צוגעטוליעט. לאַנג איז זי געשטאַנען — זעהר לאַנג . . .

**מיכאל** (ער לאָזט זיך אַראָב אויף אַ שטוהל, בלאַס): אַך, ווי קײנער ווײסט ניט, וואו זײַן וועג הויבט זיך אָן, ווי קײנער ווײסט ניט, וואו זײַן וועג לאָזט זיך אויס . . .

**טילע** (קושט איהם אויפ'ן שטערן): פּאַפּאַ . . .

**מיכאל** (מיט וועהמאָג): דאָראַ, וואוהין פיהרט מיך מײַן וועג און וואוהין פיהרט דיך דײַן וועג?

**טילע**: נאָך וואָס האָב איך עס בעדאַרפט דיר דערצעהלען . . .

**מיכאל**: ניין, ניין מײַן קינד! ווײַטער זאָלסטו מיר ניט דער־צעהלען, ווײַטער קײן זאַך ניט, קײן וואָרט נישט.

**טילע**: ניין, איך וועל דיר ניט דערצעהלען (גלעט איהם). ווי

ליעב איך האב דיך, פאפא!... איך וויל, דו זאלסט אויך אמאל זיצען מיט אונז, רעדען מיט אונז.

מיכאל (פלוצלונג): הער, מיין קינד, וואס דו זאלסט דער מוטער זאגען...

מילע: אלץ וועל איך זאגען.

מיכאל (ער דריקט זי צו זיך).

מילע: איך וועל איהר דערצעהלען, אז דו ביסט מיט מיר היינט דא געוועזען, און דו האסט מיך אט אזוי ארומגענומען, אט אזוי. און איך וועל איהר דערצעהלען...

מיכאל (צושטרייט): זאלסט איהר זאגען...

מילע: כ'וועל איהר דערצעהלען, אז דו האסט מיך אט אזוי ארומגענומען און האסט צו מיר געזאגט: „מיין ליעב קינד, מיין ליעב קינד".

מיכאל (אויטאמאטיש): מיין ליעב קינד, מין ליעב קינד.

מילע: און אז דו ביסט אומגעגאנגען אין אלע צימערן און האסט גערופען: „וואו זענט איהר מיינע קינדער?.. וואו זענט איהר מיינע קינדער?.."

מיכאל: וואו זענט איהר מיינע קינדער?.. וואו זענט איהר מיי־נע קינדער?...

מילע: (קושט איהם אויפ'ן שטערן) און דער מוטער וועל איך זא־גען...

מיכאל (ווי פון א חלום ערוואכט): ווי פערשיידען זענען די וועגען פון יעדען איינציגען מענשען! ווי פערשיידען זענען די הערצער אפילו ביי פאטער און מוטער! צו וואס קען עס אלץ פיהרען?

מילע: פארוואס ביסטו, פאפא, אזוי אומעטיג געווארען? בין איך דען שולדיג? אז איך ליעב דיך אזוי שטארק און די מאמא...

מיכאל (ער בעפרייט זיך פלוצלונג פון איהר, געהט אב רעכטס רערענדיג;)

אַך, די מאַמאַ, די מאַמאַ...

**טילע** (בלײַבט אַלײן זיצן. איהר געזיכט דריקט אויס, ניט אַזוי וואונדער — ווי קינדערשע נאַאיווע בעלײדיגונג.)

**דאַרא** און **ברוך שנײערזאָן** (קומען אַן פון דער טיר לינקס).

**דאַרא**: דו זיצט דאָ גאָר אַלײן, טילע?

**טילע**: (גאָרניט ענטפערנדיג, ווארפט זיך דער מוטער אויפ'ן האַלז, פערבאָרגט דאָס געזיכט).

**ברוך**: ווי קומט עס צו דיר, טילע? פיעסטעסט זיך נאָך גאָר?

**דאַרא**: (קושט טילען:) מײַן יונגסטע און מײַן שענסטע קינד; ס'בעט זיך נאָך צו דער מאַמען אויפ'ן האַנד. נו, דערצעהל מיר וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? האָט דיך ווער בעלײדיגט? האָבען דיך די קינדער אַלײן געלאָזען?

**טילע**: (מיט אַ פערוויינטער שטימע): איך בין אַלײן אַוועקגעגאַנגען.

**דאַרא**: ווײנסט גאָר? עמיצער האָט דיך בעלײדיגט?

**ברוך**: אפשר ביסטו פון פרידען אַנטלאָפען?

**דאַרא**: דערצעהל מיר, וואָס איז געשעהן אַזוינס, מײַן קינד?

**טילע**: אַך וועל קײנמאָל, קײנמאָל קײנעם ניט דערצעהלען.
(זי לויפט אַרויס פון צימער. דאַרא און ברוך בלײַבען בײדע פערוואונדערט).

**ברוך**: ס'איז נאָך גאָר יונג און דאָס פערשטעהט שוין סודות צו בעהאַלטען.

**דאַרא**: בײַ מיר טראָגען אַלע קינדער אין האַרצען סודות פערבאָרגען. אַנדערש האָט עס שוין גאָר ניט געקענט זײַן. אַזוי האָט זיך דאָס לעבען בײַ מיר אין שטוב אויפגעלעגט.

**ברוך**: בײַ הײַנטיגע צײַטען ווערט אַ קינד געבוירען און מיט איהם ווערען סודות געבוירען, וועלכע וואַקסען אין זײַן האַרצען. יעדערער מיט זײַנע אײגענע סודות... די סודות וואַקסען מיט זײ אינאײנעם, און שפּעטער מאַכען זײ דאָס לעבען אונמעגליך.

**דאָרא** : ניט שטענדיג איז עס אזוי, מיין פריינד. נאָר ביי מיר אין הויז איז עס א גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג. בין איך דען אַליין ניט קיין לעבעדיגע רעטעניש פאַר מיינע אייגענע קינדער?.. און צי איז דען ניט זייער פאַטער פאַר זיי, פאַר זיינע אייגענע קינדער, קיין רעטעניש? אפשר האָבען זיי שוין אָנגעהויבען אַליין צו פערשטעהן... אָבער ווען זיי זענען נאָך קליינע קינדער געווען, פלעגען זיי שטענדיג קוקען אויף מיר מיט פערוואונדערטע אויגען... און די דאָזיגע קינדערשע, אונשולדיגע אָפענע אויגען האָבען מיר קיין רוה נישט געגעבען. זיי האָבען ביי מיר שטענדיג ווי עפּיס געפרעגט; האָבען פערלאַנגט, איך זאָל זיי פון עפּיס דערצעהלען... האָט איהר דאָך איצטער אַליין געזעהן, איך האָב קיין ווערטער נישט אויסצודריקען דאָס געפיהל, כ'מיין דאָס, וואָס דאָס יונגסטע פון מיינע קינדער לעבט איבער אין דער שטיל. איך האָב נאָר לפנים וועגען ביי איהר געפרעגט, אויב עמיצער האָט זי בעליידיגט. מיינע קינדער בעליידיגען נישט איינער דעם אַנדערן. עפּיס אַנדערש איז דאָ פאָרגעקומען, וואָס איך פיהל און פערשטעה — און קען עס נישט איבערפרעגען. איהר בעדאַרפט וויסען, מיין פריינד, אז אויב קינדער אין איין הויז בעדאַרפען בלאָנדזשען צווישען צוויי בעזונדערע וועלטען — דאָס הארץ, דאָס קינדערשע הארץ, מוז דעמאָלט צוריסען ווערען.

**ברוך** : אזוי, מיין פריינד, וואַקסט די יוגענד, און מיט איהר אינאיינעם וואַקסט דער עלענד.

**דאָרא** : אַך, דער דאָזיגער געדאַנק, ווי שרעקט ער מיך! ווי ער פערפאָלגט מיך אין דער שטיל.

**ברוך** : קענט איהר דען וויסען, וואָס ער לעבט איבער דאָרט אַליין פאַר זיך?...

**דאָרא** : וואָס מיכאל לעבט איבער, ווייס איך גאַנץ גוט. און ווען איך געה פאַרביי נעבען די טירען פון זיין אַרבייטס-צימער, די טירען זענען פערמאַכט, פעסט פערשלאָסען;

טעג, וואָכען, חדשים — יאָהרען גאַנצע געהען פאַרבײַ און מיר געהען אום נעבען די פערשלאָסענע טירען פונ'ם פאָטערס... אָ, קינדער פיהלען עס. קינדער שווײַגען — און ווײסען עס.

ברוך: ענדליך וועלען זיך די טירען זײַנע עפענען.

דאָרא: יאָ, איך וויל גלויבען. קענט איהר מיר אָבער, מײַן פרײַנד, זאָגען, מיט וואָס פאַר אַ ווערטער וועט ער דע־מאָלט צו אונז אַרויסקומען? וואָס פאַר אַ גרוס וועט ער דעמאָלט אונז פון דאָרט ברענגען, ביז איצט בעגעגען איך אַלץ שטומע בליקען — שטומע, שטומע...

ברוך: (זיצט שווײַגענדיג, דער קאָפּ אַראָבגעלאָזען).

דאָרא: נו, וואָס שווײַגט איהר, הערר שנײַערזאָן?

ברוך: ניטאָ, מײַן פרײַנד, קײן ענטפער אויף אַזעלכע ווערטער.

דאָרא: איהר זענט דאָך מיט איהם אין אײן עלטער?

ברוך: מיט איהם צוזאַמען די שענסטע טעג פון מײַן יוגענד דורכגעמאַכט.

דאָרא: און מיט איהם די ערשטע טריט אין לעבען געמאַכט. צו מיר איז ער שוין אַ פאַרטיגער מענש געקומען. דאַן האָבען נאָך זײַנע עלטערן געלעבט. — ווי נאַאיוו און גוט זײ זענען געווען.

ברוך: איך האָב זײ געקענט; ווי לעבעדיגע שטעהען זײ פאַר מײַנע אויגען.

דאָרא: דאָס גרויסע פערמעגען וואָס זײ האָבען פאַר אונז איבער־געלאָזט — נאָר מיט אַ גרינג האַרץ האָבען זײ עס גע־טאָן. זײ האָבען געמײנט, אַז בײַ זײ אין הויז זאָל זיך ווײַטער וואַקסען דער אַלטער פערפלאַנצטער בוים... גרויסע, פעסטע צווײַגען, און די צווײַגען זאָלען זיך נאָהנט צום שטאַם האַלטען... עלטערן — און האָבען נישט געשפירט ווי ווײַט זײער קינד איז שוין דעמאָלט ווײַט פון זײ געהאַט אַוועקגעגאַנגען. מיר האָבען זיך בײַ־

דע דעמאָלט אויפ'ן שייד=וועג געטראָפּען — מיט גאַנץ פערשיידענע וועגען זענען מיר ביידע איינם צום אנדע=רען געקומען און אויפ'ן שייד=וועג זיך געטראָפּען, און ביידע האָבען מיר געמיינט, אז ווייטער וועט שוין אונזער וועג איינער זיין, אינאיינעם ציהען — אָבער, ווי עס שיינט, האָבען זיך אונזערע וועגען ווידער צוטיילט...

ברוך: אויפ'ן שייד=וועג וועט איהר זיך נאָך ווען עס איז נאָכאַ=מאָל בעגעגענען. אין דעם, דאָרא, בעשטעהט אונזער לעבענס=טראַגעדיע, וואָס מיר אַלע ווען מיר בעגעגנען זיך אַמאָל, איז עס בלויז אויפ'ן שייד=וועג.

דאָרא: דער וועג מיינער האָט זיך שפּעטער ווי פערנעבעלט; נאָר ניט לאַנג האָט עס געדויערט. — די געפיהלען פון א מוטער זענען גאַנץ אנדערע: בין איך נאָר א מו=טער געוואָרען, האָט זיך פאַר מיר מיין פערנעבעלטער וועג ווידער אויסגעלייטערט. איך בין א מוטער און ביים האַנד בעדאַרף איך אין לעבען די יוגענד אַרויספיהרען.

ברוך: ניט אַזוי לייכט איז עס צו בעווייזען דער יוגענד איהר וועג.

דאָרא: איך ווייס עס גאַנץ גוט. די יוגענד האָט זיך איהר איי=גענעם וועג, און די מוטער מוז די יוגענד אין איהר אייגענעם ערוואַרבענעם וועג פיהרען. און ווי שווער עס זאָל איהר ניט זיין, און ווי עס זאָל איהר ניט וועה טאָן — דאָך בעדאַרף זי אָן אַלץ און אָן זיך פערגעסען, די מוטער בעדאַרף ווייסען, אז זי עקזיסטירט צוליעב דער יוגענד. א, זעהר אָפט מוז איך מיך אליין אין א קליין קינד פערוואַנדלען.

ברוך: יאָ, דעריבער רייסט זיך אַזוי מיין קינד צו אייער הויז... א האַרץ פון א פאָטער שפּירט גאַנץ אנדערש. פילייכט זענען די געפיהלען די נויטיגע ביים פאָטער אין הארצען פאַרהאַנען פאַר זיינע קינדער — אָבער די מוטערליבע ווערטער פעהלען איהם. דאָס האָט מיין קינד געפעהלט, און איך האָב עס איהר ניט געקענט געבען... אין

מײַנע יונגערע יאָהרען האָב איך געמײנט, מיר װעט עס געלינגען מיט'ן פּינזעל צו שאַפֿען. זי איז געשטאָרבען, װען פרידע האָט נאָך דאָס װאָרט מאַמאַ ניט געקענט אַרויסזאָגען, זי האָט זיך צו דעם דאָזיגען הײליגען װאָרט ניט געקענט צוגעװעהנען, איך האָב עס אין דעם פּנים פון מײַן קינד געמערקט. איך האָב געזעהן, װי איהרע ליפּען ציהען זיך צוזאַמען, װי זײ װאָלטען „מאַ-מאַ" געװאָלט אַרויסזאָגען — און דאָס װאָרט איז קײנמאָל ניט אַרויסגעזאָגט געװאָרען... און נאַריש איז געװען, װען איך האָב עס געװאָלט מיט מײַן פּינזעל אויפ'ן טויטען לײַװענד בעשאַפען.

**דאָרא** : און פרידע מערקט עס ניט בײַ אײַער אַרבײַט?

**ברוך** : איך קען עס אײַך אויף בעשטימט ניט זאָגען. בעזונדערס צו אײן בילד ציהט זי זיך. דאָס בילד איז שוין לאַנג בײַ מיר אָנגעהויבען, נאָר נאָך ניט פערענדיגט.

**דאָרא** : האָט עס עפּיס אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער מוטער?

**ברוך** : זעהר פיעל. אַלץ, װאָס כ'האָב געשאַפען, האָט מיט דעם אַ צוזאַמענהאַנג. אין אַלץ, װאָס איך האָב געשאַפען, ליעגט אַ פונק, אַ שטראַהל פון דעם דאָזיגען געדאַנק... אָבער בלויז פונקען, שפּליטערן — און עטװאָס גאַנצעס צו בעשאַפען, איז מיר ניט געלונגען... נאָר געװוג, איצטער, מײַן פרײַנד, איז שוין אַלץ פאַרבײַ.

**דאָרא** : מײנט איהר?

**ברוך** : איצטער ציטערט שוין דער פּינזעל אין האַנד. — װײסט איהר, װאָס עס בעדײַט? װאָס אין דעם איז פערבאָרגען? (ער רעדט שטיל װי אַ סוד אײַנרוימענדיג) איך געה אום אַלײן בײַנאַכט איבער מײַנע צימערן, צװישען מײַנע ניט-פערענדיגטע שעפּפונגען — װי קין, װעלכען גאָט אַלײן האָט פערשאָלטען.

(בײדע שװײַגען אַ צײַט)

דאָרא : און וואָס וועט ווייטער זיין ?

ברוך : וואָס וועט ווייטער זיין . . . (געהט אום אויף און אָב) איך קלער די גאַנצע צייט, וואָס טילע איז דאָ אַליין געזעסען און געוויינט .

דאָרא : און איך אויך דאָס אייגענע .

ברוך : וואָס קען מען דען דערביי אַנדערש ווירקען ?

דאָרא (שמערצליך) פאַרוואָס ווייסט ער ניט פון דעם ? אפשר, ווען ער זאָל וויסען .

ברוך : פאַרוואָס זאָל ער ניט וויסען ? . . ער איז גאַנץ זיכער, אַז די קינדער האָבען, ווער ס'זאָל פאַר זיי זאָרגען ; ווער עס זאָל איבער זיי וואַכען . און אין דער ווירקליכקייט איז דאָך אַזוי . . .

דאָרא : אפשר . . .

ברוך : אין דער גאַנצער אַקאַדעמיע בין איך געווען דער איינציגער, צו וועמען ער איז געווען אַזוי שטאַרק צוגעבונדען .

דאָרא : און איצטער אַזוי דערווייטערט איינער פון אַנדערן .

ברוך : איהר האָט אַ טעות, דאָראַ . מיר זענען אפשר איצטער נאָך נעהנטער איינער צום אַנדערן . מעגליך, אַז מיכאַל ווייסט עס נאָך ניט, נאָר דאָך איז עס שוין געשעהן .

דאָרא (אונגעדולדיג) וואָס מיינט איהר מיט דעם ?

ברוך : אַך, דאָראַ העלמאַן, ווי זאָל איך מיינע פערציג יאָהר מיט'ן ווינד צווייהען ! און דער אָפטער גאַסט, וואָס איך בין די לעצטע צייט אַזוי געוואָרען אין אייער הויז, וואָס בעדייט עס ? זאָגט מיר, וואָס טהו איך איצטער אין אייער הויז ? וואָס בלאָנדזשע איך אום אין אייערע צימערן ?

דאָרא (ניט פערשטעהענדיג) האָט וואָס מיכאַל מיט אייך גערעדט ?

ברוך : איך האָב שוין מיט העלמאַנען לאַנג ניט גערעדט . כ'האָב איהם שוין, דאַכט מיר, אַ חדשים דריי ניט געזעהן .

**דאָרא** : קען איך דען וויסען, וואָס מיט אייך קומט איצטער פאַר, ווען איך ווייס ניט אפילו, וואָס מיט מיכאַל׳ן איז.

**בּרוך** : דאָס איז גאָר איינפאַך: צווישען אייך מיט העלמאַנען האָט זיך אויסגעבּילדעט אַ געדיכטער וואָלקען. און האָטש איהר וואוינט בּיידע אין איין הויז, דאָך זעהט איהר ניט איי־נער דעם צווייטען.

**דאָרא** : דאָס ווייס איך.

**בּרוך** : האָט דער מענש די גאַנצע ערד אונטער זיינע פיס; די לויטערע הימלען ציהען זיך איבער זיין קאָפּ און דער שליסעל צו דער אייבּיגקייט וואַלגערט זיך פאַר זיינע פיס — און ער זעהט איהם ניט... אַזוי, דאַכט מיר, זאָגט די וועלט.

**דאָרא** : און איהר וואָס זאָגט דערויף?

**בּרוך** : און איך וואָס זאָג דערויף... איך זאָג, אַז די אייבּיג־קייט, די ליכטיגע אייבּיגקייט איז נאָר ענטפּלעקט פאַר די אויגען פון דעם קינד, וואָס זויגט נאָך דער מוטערס בּרוסט. דאַן ווען דאָס קינד איז ניט הונגעריג און ניט דאָרשטיג און עס הויבּט אויף דאָס קעפּעל און קוקט זיך גלייך אין דער וועלט אַריין... דאָס הייסט, אַז דאָס קינד קוקט דאַן מיט אָפענע, קינדערשע אויגען אין די טויערן פון דער אייבּיגקייט. אפשר איהר, דאָראַ, קענט נאָך וועגען דער אייבּיגקייט חלום׳ען — אָבּער איך און מיכאַל...

**דאָרא** (אונרוהיג) רעדט נישט אַזוי מיט מיר, הערר שנייערזאָן. אויבּ איהר ווייסט אַזוינס, וואָס האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט מיין הויז, זאָלט איהר מיר בּאַלד זאָגען. איך פערלאַנג עס פון אייך.

**בּרוך** : אַך, דאָראַ, איך האָבּ ניט געוואוסט, אַז מיינע ווערטער וועלען אייך אַזוי אונרוהיג מאַכען. גלויבּט מיר, איך האָבּ קיין בּעזונדערעס אַזעלכעס ניט געמיינט דערמיט. איינפאַך, איך האָבּ געזאָגט בּלויז דאָס, וואָס כ׳האָבּ ע־

קענט פון אײַערע װערטער קאָנסטאַטירען.

**דאָרא**: איך װעל פון אײַך אויף אַלץ אַן׳ערקלערונג פאָדערן. אײַערג װערטער האָבען געװיס זײער בעדײַט — און מיך בעאונרוהיגט עס. אפשר האָט דאָס אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם, װאָס טילע איז דאָ געזעסען אײנע אַלײן און האָט געװײנט...

**ברוך**: איך האָב אײַך, דאָרא, אויף דעם גאָרנישט װאָס צו ענטפערן.

**דאָרא**: (זי קוקט איהם פאָרשענד אָן) הײסט עס, גאָרנישט... אויב ס׳איז פאַראַן אַזעלכעס, פערבאָרגענעס, װאָס איך בעדאַרף עס ניט װיסען — װעט דאָך מסתמא די צײַט אַלײן אָפענהערציג זײַן און װעט מיר פון אַלץ דערצעהלען.

**ברוך**: די צײַט... װאָס טראָגט ניט די צײַט פערבאָרגען אונטער איהרע פליגעל?...

**עמא, פרידע, יוליאַן און טילע** (זײ בעװײזען זיך און טיר און, בעמערקענדיג דאָרען און ברוך׳ן, ציהען זײ זיך צוריק)

**עמא**: ענטשולדיגט.

**דאָרא**: קומט אַרײַן, קומט אַרײַן.

**פרידע**: מיר האָבען ניט געװאוסט, אַז איהר זיצט דאָ; ענטשולדיגט.

**ברוך**: קומט אַרײַן, קומט אַרײַן, װעט פרעהליך װערען. די יוגענד, זי ברענגט מיט זיך גאָר אַן׳אַנדער װינד.

(זײ קומען אַרײַן)

**יוליאַן**: לאָמיר זײ גאָר איצטער דערצעהלען.

**עמא**: די צװײטע העלפט בעדאַרף נאָך בלײַבען אַ סוד.

**ברוך**: װידער כודוה...

**פרידע**: פאַר דער מוטער בעדאַרף מען אַלץ דערצעהלען.

**דאָרא**: װאָס פאַר אַ סורוז האָט איהר עפּ?

עמאַ : נײַן גאָרנישט, גאָרנישט.

יוליאַן : זאָל פרידע איצט בעטען בײַ איהר פּאַפּאַ — גוט עמאַ ?

ברוך : דו, פרידע, האָסט עפּיס וואָס צו בעטען פון מיר? שעם זיך ניט.

דאָרא (פערזינטערעסירט) ווילט איהר זיך גאָר פון אײַער מוטער בעהאַלטען?

עמא : מיר האָבען צוגעקלערט אַ סיורפּריז פאַר דיר, פאַר אונז אַלײן און מיר בעדאַרפען נאָך וואַרטען ביז מאָרגען.

דאָרא (מיט ליעבע) קלײנע, קלײנע קינדערליך!

פרידע : (צו ברוך'ן) איך וויל פון דיר עפּיס בעטען, פּאַפּאַ.

ברוך : אַלץ, מײַן קינד.

יוליאַן : אָך, זײַ וועלען ענטזאַגען.

ברוך : לאָמיר שוין הערען.

פרידע : מיר בעדאַרפען; דו זאָלסט אונז ביז מאָרגען פאַרנאַכט אַ בילד אויסמאָלען.

ברוך : ביז מאָרגען? און פערענדיגען?

עמא : מיר בעדאַרפען עס זעהר נויטיג האָבען.

דאָרא : קען עס גאָר ניט געמאָלט זײַן?

ברוך : עס קען אפשר יאָ געמאָלט זײַן; איך בעדאַרף אָבער פריהער וויסען, וועגען וואָס פאַר אַ בילד עס האַנדעלט זיך דאָ?

דאָרא : און איך וואָלט גערן וועלען וויסען, צוליעב וואָס איהר בעדאַרפט דאָס בילד האָבען?

יוליאַן : מאַמאַ, דאָס איז אַ סוד...

ברוך : און ווער האָט די אידעע אויפגעגעבען?

דאָרא : נו דערצעהלט שוין.

ברוך : אפשר זאָל גאָר טילע דערצעהלען.

(אַלע לאַכען)

פרידע : מיר ווילען, דו זאלסט אונז שאפען א בילד, וואס זאל פארשטעלען דעם זונענאויפגאנג.

דארא : דעם זונענאויפגאנג?

עמא : יא, דעם זונענאויפגאנג; און דאס גאנצע בילד זאל זיין מיט ליכט בעגאסען.

יוליאן : דאס ליכט זאל איבער דעם גאנצען פון בילד פלייצען.

עמא : ס'זאלען ליכטיגע שטראהלען שיסען אויף אלע זייטען!

פרידע (שמייכעלט) און אין דער זון זאל זיך אבשפיגלען א געזיכט.

יוליאן : פרידעס געזיכט!

פרידע (פערשעמט) ניין, ניין, אייער מאמאס געזיכט.

עמא : דער מוטערס געזיכט זאל אין דעם זונענאויפגאנג זיין. פון איהר געזיכט, פון איהרע אויגען ארוים זאלען ליכטערע שטראהלען פאלען און צוגיסען זיך ארום און ארום...

דארא (איבעררעאשט) קינדער מיינע, קינדער מיינע...

יוליאן : און דאס בילד זאל הייסען „די יוגענד".

פרידע : ניין, דאס בילד זאל הייסען „די מוטער". (שטיל, אלע שווייגען און ווארטען אויף אנ'ענטפער, קוקענדיג אמאל אויף ברוכ'ן און אמאל אויף דאר'ען).

דארא : נו, הערר שנייערזאן, וואס שווייגט איהר?

ברוך (נידערגעשלאגען) אנהויבען א בילד און ענדיגען. —

דארא : איצטער איז די רעכטע צייט, ברוך, — מיט דער יוגענד אינאיינעם...

ברוך : איהר ווערט בעטען, קינדערליך, ביי מיכאל'ן; ביי אייער פאטער. קלאפט אן צו איהם און פערלאנגט עס פון איהם. ער וועט דערפון העכסט צופרידען זיין און ער וועט אייך פאלגען. פרוי הערמאן, זאלען זיי זיך ווענדען צו מיכאל'ן.

דאָרא : איִהר זעֶנט פאַר מיִר היַינט אַ פאָלשטעֶנדיִגעֶ רעֶטעֶניִש. אויף אַלץ וועֶל איִך ביַי איַיך אַנ׳עֶרקלעֶרונג פאָדעֶרן.

עמא : וועֶט איִהר פאַר אונז דאָס ביִלד ניִט אויסמאָלעֶן... און מיִר אַלעֶ זעֶנעֶן אַזוי זיִכעֶר געֶוועֶן, אַז פריִדעֶ וועֶט איַיך בעֶטעֶן און איִהר וועֶט געֶוויִס ניִט עֶנטזאַגעֶן.

פרידע : וועֶסט עֶס מאַלעֶן, פאַפאַ; יאָ דו, וועֶסט אונז מאַלעֶן דאָס ביִלד.

ברוך (פאַר זיִך אַליין, טרוימעֶריִש) דאָס ליִכט פון דעֶר זון זאָל אויף אַלעֶ זיַיטעֶן פליַיצעֶן... איִבעֶר דעֶם ראַם זאָל זיִך עֶס גיִסעֶן... און איִן דעֶר זון... און איִן דעֶר זון... (אַלעֶ קוקעֶן איִהם פעֶרוואונדעֶרט אָן).



# צווייטער אקט.

א געמיטליכער צימער ביי מיכאל העלמאן אין הויז. איין טיר רעכטס און צוויי פענסטער אין דעם הינטערגרונד. אויף א זא-פעליגען אנגעווארפען שטיקער גרינע סאמעט און זיידען שפאך. בייטאג.

**ברוך**: (ער געהט אום אויף און אב, א ווײלע איז שטיל; שפעטער הויבט זיך אן צו הערען א געזאנג, אין באר, ערגעץ אין א זייטיגען צי-מער. ברוך געהט צום טיר און עפענט זי עטוואס אויף. דאס געזאנג ווערט דייטליכער. עס קלינגט זאנפטיג און מוטיגל עטוואס שטימע)

**עמא**: (איהר שטים פון א זייטיגען צימער)

וויא לאנג די זון זי שטייגט אלץ העכער
און די ערד הילט איין איהר ליכט;
שיינט דאס ליכט פון מיינע אויגען;—
איהרע שטראהלען פון מיין געזיכט!

**באר**: וואך אויף, וואך אויף מיט'ן מארגענשטערן!
וואך אויף! וואך אויף, די זון געהט אויף...
אין דיין הארץ דאס ליכט זאל רוהען.
וואך אויף, וואך אויף! וואך אויף, וואך אויף!

(באַלד נאָכ'ן געזאַנג הערט זיך אַנ'אַלגעמיין פרעהליך געלעכטער, עס ווערט ווידער שטיל)

ברוך : (ער בלייבט נאָך אַ ווייל שטעהן ביים טיר אין ערוואַרטונג, נאָר באַלד הויבט ער ווידער אָן אומצוגעהן אויף און אָב שוין אונרוהיגער)

פרידע : (קומט פרעהליך אַריין) דו ביסט טאַקע דאָ, פאַפּאַ; ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר זאָגען, אַז דו זיצט אין דעם צימער.

ברוך : (ער קושט איהר אויפ'ן קאָפּ) דו האָסט אויך געזונגען?

פרידע : דו האָסט געהערט?

ברוך : יאָ, איך האָב געהערט. און ווער האָט עס די סאָלאָ געזונגען?

פרידע : עמאַ; דו האָסט דען איהר שטים ניט דערקענט?

ברוך : כ'האָב פערשטאַנען, אַז דאָס איז עמאַ.

פרידע : און מיין שטימע האָסטו אין כאָר ניט דערקענט? איך האָב די טערצע געזונגען.

ברוך : דעריבער האָב איך ניט דערקענט.

פרידע : ווי שען עמאַ זינגט!

ברוך : זעהר שען. און ווער נאָך איז דאָרט אין כאָר געווען?

פרידע : יוליאַן, דאָראַ און טילע

ברוך : (פערוואונדערט) דאָראַ אויך? אַ מערקווירדיגע פרוי!

פרידע : געוויס האָט זי געזונגען.

ברוך : מערקווירדיג, מערקווירדיג... (ער זעצט זיך אויף דער זאָפע, וואָס שטעהט לינקס צום הינטערגרונד צו, פיהרט צו זיך פרידען)
דערצעהל מיר, פרידע, ווי דו פיהלסט זיך דאָ?

פרידע : אַך, דאָ איז מיר אַזוי גוט. איך פערגעס אָפט, אַז איך בין אין דער פרעמד — איבערהויפּט ווען דאָראַ איז מיט אונז.

ברוך : און מיט די קינדער ווי שפּירסטו זיך?

פרידע : אָ, זעהר גוט.

ברוך : ביסטו צופרידען, געפעלט עס מיר זעהר גוט.

פרידע (זי ווערט פלוצלונג אומעטיג) דו זאגסט, צופרידען...

ברוך : נו, געוויס מיין איך, אז דו ביסט צופרידען.

פרידע : און דו?

ברוך : זעהסט דאך מיך אלע טאג.

פרידע : יא, איך זעה דיך אלע טאג... וואס א טאג ווערסטו אומעטיגער.

ברוך : דאס דאכט זיך דיר, מיין קינד, אזוי אוים.

פרידע : אפשר דאכט זיך עס מיר אזוי אוים, ווייל איך בענק זעהר אהיים.

ברוך : וואס האסטו נאר=וואס געזאגט?

פרידע : אך, ניט דאס, מיר בענקט זיך... איך בין געוועהנט יעדען טאג אומצוגעהן אין אלע צימערן ביי אונז, דארט וואו ס׳הענגען דיינע בילדער, יעדעם אנקוקען; מיט יעדעם זיך זעהן. אז איך קום אריין צו דיר אין קאבינעט און זעה די צוויי בוימער, וועלכע שטעהען ביידע איינס אנטקעגען דעם אנדערן און שפיגלען זיך אב אינ׳ם טייכעל, וואס לויפט דורך צווישען זיי... אזעלכע פרעהליכע בוימעליך און אזא פרעהליך, ליכטיג טייכעל, — בעגרים איך זיי... און אזוי צו יעדען בילד דיינעם... און דארט, אין דיין אטעליע, יענע בילדער... איך בין געוועהנט יעדען טאג ביי זיי צו שטעהן.

ברוך (מיט ליעבע) און וואס נאך? דערצעהל.

פרידע : דו לאכסט פון מיר.

ברוך : איך לאך ניט פון דיר. כ׳האב גאר ניט געוואוסט, אז דו קענסט אזוי גוט יעדעם בילד בעזונדער און — אז דו ליעבסט זיי יעדען טאג צו זעהן.

פרידע : ניט יעדען טאג — יעדע מינוט!

ברוך : איך האב עס ניט געוואוסט.

פרידע : און וואו האַלטסטו שוין מיט דײַן לעצטען בילד ?

ברוך : איך האָב דאָך עטליכע לעצטע.

פרידע : דער „פאַרנאַכט”.

ברוך : דער „פאַרנאַכט” ?

פרידע (טרוימעריש) פון דעם טײַך הויבט זיך, הויבט זיך דער טוי אויף . . .

ברוך (טרוימעריש) יאָ, פון טײַך הויבט זיך אויף דער טוי.

פרידע : נאָר די בוימער זענען ניט פערנעבעלט.

ברוך : ניין.

פרידע : ס'איז שענער, ווען זיי זענען עטוואָס פערנעבעלט; אַזוי ווי דורך אַ לײַכטען, דינעם גרוי-בלוילעכען רויך זעהען זיי זיך אַרויס. — און דער הימעל וועט זײַן אויסגעשטערנט ?

ברוך : אויסגעשטערנט.

פרידע : גרויסע שטערן ?

ברוך : גרויסע שטערן.

פרידע : זיי פינקלען שטראַהלענדיג ?

ברוך : נו געוויס אַזוי.

פרידע (ענטציקט) : אַך, ווי איך האָב געטראָפען, ווי דאָס בילד וועט זײַן! אמת איך האָב געטראָפען ?

ברוך : נו געוויס, אַנדערש קען עס גאָר ניט זײַן.

פרידע : ווען וועל איך עס זעהן ?

ברוך : ווען דו וועסט עס קענען זעהן ? ווען ווילסטו עס זעהן ? נו, מאָרגען, איבערמאָרגען.

פרידע : איך האָב זעהר ליעב גרויסע שטערן. די גרויסע שטערען אין הימעל זעהען אויס ווי זיי וואָלטען ציטערן . . . ווײנען זיך און ציטערן . . . ווי זיי וואָלטען זיך וועלען

פון הימעל אַרויסרייסען.

(ביידע שווייגען)

פרידע : פּאַפּאַ . . .

ברוך (ערוואַכענר) וואָס, מיין קינד ?

פרידע : האָסט איצטער פון עפּים שענעם געטראַכט ? יאָ ?

ברוך : איך האָב זיך צוגעהערט צו דיינע שילדערונגען.

פרידע : עס געפעלט דיר ?

ברוך : זעהר.

פרידע (זי קושט איהם אויפ'ן קאָפּ) דאָס פרעהט מיך אַזוי . . .

ברוך : שאַדע, וואָס דיר בענקט זיך אַהיים . . .

פרידע : דו האָסט דען געוואָלט, אַז . . .

דאָראַ (קומט אַריין) אַ גאַסט, אַ גאַסט! ... איך שטער אייך ניט ?

ברוך (ער געהט איהר אַנטקעגען בעגריסען זיך) אָ, ניין . . .

דאָראַ : זענט איהר שוין לאַנג דאָ ?

ברוך : ניט גאַנץ לאַנג.

דאָראַ : און איך האָב גאָר ניט בעמערקט, ווען איהר זענט אַריינגעקומען. — איהר וועט דאָך מיך ענטשולדיגען ?

ברוך : נו, געוויס. איך האָב מיך צום כאָר צוגעהערט.

דאָראַ : האָט איהר געהערט ?

פרידע : דעם פּאַפּאַ געפעלט זעהר אונזער געזאַנג.

דאָראַ : דאָס מאַכט מיר פערגניגען.

פרידע : דער פּאַפּאַ האָט מיין שטימע ניט דערקענט.

דאָראַ : אין כאָר איז שווער צו אונטערשיידען . . . נו, דערצעהל, ווי געהט עס ? ווי פיהלט איהר זיך אָהן דער טאָכטער ?

ברוך : ווי די טאָכטער אָהן דעם פאָטער.

פרידע (פערשעמט) מיר איז דאָ זעהר גוט, פאַפּאַ.

דאָרא : מאַכט עס מיר פול פערגניגען.

ברוך : און איך האָב קיין ווערטער ניט אייך אויסצודריקען מיין פרייד, וואָס ענדליך האָב איך זי צו אייך אין שטוב אריינגעפיהרט.

פרידע : איהר וועט מיך ענטשולדיגען, ווען איך וועל אייך לאָזען?

ברוך : ווילסט צו די קינדער געהן?

פרידע : (פערנייגט זיך און געהט אַרויס. אַ ווײַלע שטיל)

דאָרא : האָט איהר אונזער געזאַנג געהערט.

ברוך : אַ מערקווירדיג הויז ביי אייך. (פערקלערט זיך, דאָס געזיכט פון דאָרען אָבגעווענדעט)

דאָרא : איך בין מסכים; טאַקי אַ מערקווירדיגעס הויז: איין האַלבע הויז זינגט און די אַנדערע העלפט פון דעם הויז... (זי קוקט איהם אָן) ווי עס שיינט, הערר שניירזאָן, זענט איהר ניט אַהער געגאַנגען.

ברוך : יאָ, איך בין טאַקי היינט עטוואָס צושטרייט.

דאָרא : ס'מאַכט אַנ'איינדרוק, ווי צופעליג זענט איהר אַהער אריינגעפאַלען.

ברוך : (זיפצט שווער) ניין, דאָרא, אַהער פיהרט מיין וועג די לעצטע צייט. אַ גאַנץ אונקלאָרער געדאַנק פאַר מיר אַליין ציהט מיך אַהער.

דאָרא : צייט פרידע איז דאָ?

ברוך : יאָ, אויף אַ געוויסען אַרט... איך וואָלט העלמאַנען זעהר גערן וועלען זעהן.

דאָרא : איהר האָט איהם עטוואָס נויטיגעס איבערצוגעבען?

ברוך : איך? גאָרנישט.

דאָרא : רעטזועלהאַפט.

ברוך : רעטזועלהאַפט. ס'איז אַ רעטעניש ניט בלויז פאַר אייך,

נאָר פאַר מיר אַליין אויך. עס ציהט מיך צו מיכאַל'ן ד
לעצטע צייט און ער ווייסט עס נאָר ניט פון דעם.

דאָרא : געוויס ווייסט ער ניט, איהר וואָלט אַריינגעהן צו איהם;
איהר קענט דאָך עס טאָן.

ברוך : ס'איז נאָך פאַר דער צייט.

דאָרא : (ניט פערשטעהענדיג) חלומות, חלומות... (זי קוקט איהם אָן)

ברוך : וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? ווילט איהר ווירקליך אין
מיין וועלטעל אַריינקוקען?

דאָרא : אין אייער געזיכט איז פאַרהאַן זעהר פיעל עהנליכעס צו
העלמאַנען.

ברוך : איך האָב עס גאָר ניט געוואוסט.

דאָרא : (שמייכעלט) חלומות, חלומות...

ברוך : חלומות, חלומות — און גאַנץ אונאַנגענעהמע.

ברוך : (וועלענדיג איבעררייסען דעם אָנגעצויגענעם שמועס) וואָס וועט
עס זיין פון דעם גרינגעם סאַמעט און פונ'ם זיידענם?

דאָרא : (שמייכעלט) וואָס, מיינט איהר, קען דערפון זיין?

ברוך : וואָס קען איך מיינען? זיצט זיך אַ מענש אַליין אין זיין
צימער און בויט פאַר זיך גרינגע סאַמעטענע און זיידענע
וועלטען.

דאָרא : דאָס איז זעהר שען, נאָר איך בין אָבער, מיין פריינד,
פערנומען מיט'ן איבערבויען אַלטע וועלטען.

ברוך : וועמעס פערדיענסט איז גרעסער?

דאָרא : דאָס וועט שוין די צייט בעווייזען.

ברוך : (בעקוקט דעם שטאָף) דאָך, וואָס וועט עס זיין דערפון?

דאָרא : קענט איהר אונזער מעבעל אין דעם גרויסען זאַל?

ברוך : אין ראָזען בעצוג?

דאָרא : זיי וויל איך עס איצטער בעניייען. דאָס גאַנצע מעבעל,
וואָס שטעהט אין יענעם זאַל, האָב איך אַנ'אַנדענק פון

מײַן מוטער.

**בּרוך** : און איהר בּענקט עס יעדעס מאָל?

**דאָרא** : איך בּענק עס. דער זאָל קומט אוים נעבּען מיכּאָלס אַטעליע; כ׳וויל עס איהם אַ סורפּריז מאַכען.

**בּרוך** : איהר בּעהאַלט זיך דאָך אויך פון איהם...

**דאָרא** : אַך, ניין, אין דיעם ליעגט גאָר עפּיס אַנדערש; אַ גאַנץ אַנדערער געפיהל. אין דעם ליעגט עפּיס קינדערשעס פערבּאָרגען. ציי פלעגט זיך אייך ניט וועלען בּעווייזען, קינדווייז, אייערע עלטערן עטוואָס אַזעלכעס — אומגע־ריכטעס? פאַר מיינע עלטערן, איבּערהויפּט פאַר מײַן פאָטער, איז עס געוועזען די גרעסטע שמחה.

**בּרוך** : העלמאַן ווייסט אויך ניט פון דעם?

**דאָרא** (קאַלט) ניין.

**בּרוך** : אויב אַזוי, בּעדאַרפט איהר עס מיר אויך ניט דערצעהלען.

**דאָרא** : וואָרום דען?

**בּרוך** : ווייל, אויף וויפיעל מיר דאַכט זיך, טראָג איך אין האַר־צען זעהר פיעל פון דעם, וואָס עס קומט פאָר בּיי מי־כּאַל׳ן אין זײַן פערשלאָסענעם אַטעליע.

**דאָרא** : (קוקט איהם פערוואונדערט אָן) וואָס מיינט איהר מיט דעם?

**בּרוך** דאָס ליעגט שוין אין האַראַקטער פון יעדען, אין וועמען ס׳איז נאָר פערבּאָרגען אַ פונק שעפּפערישע קראַפט.

**דאָרא** : עך, קינסטלער, קינסטלער... איך מיין אייך ניט צו בּעליידיגען — נאָר אייערע וועגען זענען פאַר מיר אונ־פערשטענדליך. ציי זענט איהר ניט געוועזען איבּערגליקליך, דאַן ווען די יוגענד האָט פון אייך פערלאַנגט דאָס בּילד פונ׳ם זונענאויפגאַנג? איך פערשטעה, אַז איהר האָט נאָך קיין פינזעל אין האַנד ניט גענומען.

**בּרוך** : שוין אַריבּער די צייט. די זון זעה איך די לעצטע צייט בּלויז בּיי איהר אונטערגאַנג.

דאָרא : די יוגענד וועט עס פון אייך פאָדערן צום מאָרגענדיגען באַל .

ברוך : מאָרגען איז ביי אייך אַ באַל אין שטוב ?

דאָרא : יאָ , אין געוויסען אָרט — אַ באַל .

ברוך : און העלמאַן ווייסט ניט פון דעם ?

דאָרא : ניין , ער ווייסט ניט דערפון .

ברוך : ווייסט ער ווירקליך ניט , וואָס עס קומט פאָר אין די אי־בעריגע צימערן דאָ ?

דאָרא : ( ביטער ) ניין , מיין פריינד ! ניין . און וואָס וואונדערט עס אייך אַזוי ? איהר האָט פריהער געזאָגט , אַז איהר טראָגט ביי זיך אין הארצען זעהר פיעל פון דעם , וואָס עס קומט פאָר ביי מיכאַל׳ן אין אַטעליע — און ווען גאָט וואָלט פון אייך אייער פרוי ניט צוגענומען אין די ערשטע טעג פון אייער געמיינזאַמען לעבען — קענט איהר מיר ניט זאָגען , ווי איהר וואָלט זיך איצטער גע־שפירט ? וואָלט איהר ניט געזעסען איצטער פערשפאַרט אין אייער אַטעליע , גאָרניט וויסענדיג וואָס עס קומט פאָר הינטער די טירען פון אייער זאַגענאַנטען אַרבייטס־צימער ?

ברוך : איצטער , דאָרא , קען איך אייך גאָרנישט זאָגען .

דאָרא : איהר רעכענט , אַז איך טראָג אום סודות אין הארצען , וועלכע איך בעמיה מיך צו פערבאָרגען פון מיכאַל׳ן . — ס׳איז גאַנץ איבעריג !

ברוך : איהר האָט מיך שלעכט פערשטאַנען , דאָרא , איך האָב מיט מיינע ווערטער ניט אויסען געווען אייך אויפמערקזאַם מאַכען .

דאָרא : איהר האָט מיך אויך שלעכט פערשטאַנען . — איך וועל אייך נאָר זאָגען אָט וואָס : איך מיט מיינע אידעאַלען האָב זיך קיינמאָל ניט בעהאַלטען — דערפאַר , וואָס איך בין אונמיטעלבאַר פעראייניגט מיט׳ן לעבען אליין . מיינע

אידעאַלען טראָגען זיך פריי און אָפען אין לופטען אום...
איהר און נאָך אַזעלכע, אין אייער גלייכען, חלום׳ען פון
נייע וועלטען, פון נייע שעפּפונגען אין דער צייט, וואָס
דאָס אַלטע בעט זיך, אַז מען זאָל עס בעגראָבען. ניין,
קיין נייס וועט איהר קיינמאָל ניט שאַפען!

בּרוך: איצטער קען איך עס אייך מודה זיין.

דאָרא: דאָס וואָס איז געשאַפען געוואָרען, דאָס וואָס איז
שוין געשעהן — איז שוין לאַנג פון אייער רשות אַרויס.
די וועלט איז שוין איינמאָל בעשאַפען געוואָרען! און די
זון געהט אויף יעדען טאָג, יעדען טאָג. איך האָב מיין
לעבענס-אידעאַל אינ׳ם לעבען געפונען. איך צווישען
די קנייטשען אויף די געזיכטער פון מיינע פערעלטערטע
פאָטער און מוטער האָט צו מיר דאָס לעבען אַרויסגע-
קוקט און געוואונקען צו מיר. — און ווען זיי זענען שוין
געלעגען אויף זייער טויטען-בעט, בין איך שטיל געשטאַ-
נען און מיט פאַרכט געקוקט אויף זייערע געזיכטער, פון
וואַנען ס׳האָט צו מיר אַ נייַ לעבען אַרויסגעבליקט. איך
האָב דאַן אין זיך פרישע כחות דערפיהלט: איך בעדאַרף
לעבען, לעבען און מונטער זיין! אַזוי האָב איך צו מיר
אַליין געזאָגט, — לעבען און קראַפט מיינע קינדער,
מיינע לעבעדיגע קינדער, איבערגעבען. דער דאָזיגער
געדאַנק איז פאַר מיר וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און
שטאַרקער געוואָרען.

בּרוך: און ניט עלטער?

דאָרא: (אויפגערעגט) אָך ניין... אין דעם ליגט אייער גרויסער
טעות. אין דעם ליגט געוויס דער טעות פון מיכאַל׳ן
אויך פערבאָרגען. איהר בעדאַרפט וויסען, אַז אַלץ אַרום
אונז מיט אונז אינאיינעם בעשטעהט בלויז פון אַ הערבסט-
און פריהלינגס-שפּיעל פון אָבלעבען און בענייאונג,
אָבלעבען און בענייאונג... דאָס גאַנצע לעבען איז ביי
אויך אייך, איהר איינגעב... טע שפּעטער... דאָס לע-
בען אַליין נעהמט פון אייך ראַכע און לאַכט אייך אויס!..

ברוך : (בלאָס) איהר בעדאַרפט ניט רעדען אַזוי, דאָראַ. איהר אַליין, דאָראַ, קען זיין, דענקט פיעל אַנדערש און דעריבער האָט איהר זיך אַזוי אויפגערעגט.

דאָרא : ניין, מיין פריינד, מיין וועג איז פאַר מיר גענוג אויסגעלייטערט און איך זעה איהם גאַנץ זיכער. איך וויל האָפען, אַז דעם איינציגען וועג האָב איך פאַר מיינע קינדער אויך אָנגעצייכענט.

ברוך : (קעהרט זיך אָב, ער לאָזט זיך אַראָב אויף אַ שטוהל, בעמיהט זיך צו פערבאָרגען זיין אויפרעגונג.)

דאָרא : (אונרוהיג) וואָס איז אייך אַזוינס?

ברוך : אַך, וואָס מאַטערט איהר מיין אויסגעמאַטערט האַרץ?..

דאָרא : (מיט פערדרוס) וואָס רעדט איהר? וואָס רעדט איהר...

ברוך : גאָרניט, גאָרנישט...

דאָרא : ענטשולדיגט מיך, אפשר האָב איך אייך בעליידיגט מיט מיינע ווערטער, כ'בין געוויס ניט אויסען געוועזען אייך צו בעליידיגען.

ברוך : איהר האָט מיך ניט בעליידיגט, דאָראַ.

דאָרא : איך האָב אייך יאָ בעליידיגט, ענטשולדיגט מיך. נו, זאָגט, אַז איהר ענטשולדיגט מיך. עס פערשאַפט מיר פיעל שמערצען.

ברוך : (ער נעהמט איהר האַנד) צי דען קענט איהר בעלעדיגען עמיצען?.. פיליייכט איז אין אייערע ווערטער צופיעל אמת פאַרהאַנען.

דאָרא : ביי מיר האָט זיך פון האַרצען אַרויסגעריסען דאָס, וואָס כ'טראָג שוין פופצעהן יאָהר אין איהם פערשלאָסען. — כ'האָב מיך אפשר צו ענערגיש דאָסמאָל אויסגעדריקט.

ברוך : מיין פריינד, פילייכט בעשטעהט דאָס לעבען בלויז פון יענע ביטערע און שמערצליכע מאָמענטען, ווען אונזער נשמה פלאַגט זיך אַזוי שטאַרק...

(זיי שווייגען, ביידע אַ לאַנגע צייט)

**דאָרא**: און אפשר האָט איהר רעכט.

**ברוך**: (שמייכעלט ביטער) איהר ווילט מיך בערוהיגען, — איך בין שוין רוהיג. אפילו אין מיינע שווערסטע מינוטען... אָ, איך מיין, אז דאָס איז אינגאנצען איבעריג צו רעדען.

**דאָרא**: אַלץ פאַרביי... צי אויפ'ן הערבסט=הימעל, צי אויפן פריהלינגס=הימעל ווען עס רוקט זיך אַ וואָלקען אָן, מוז ער דאָך פאַרבייגעהן.

**ברוך**: איהר האָט רעכט: אַלץ געהט פאַרביי, אַלץ געהט פאַרביי...

**דאָרא**: אַזוי מיינט איהר. געוויס, יעדערער מיינט, ווי ער פערשטעהט. די וועלט איבערצומאַכען איז שווער.

**ברוך**: (שמייכעלט) געוויס, די וועלט איבערצומאַכען איז זעהר שווער. — די וועלט איבערמאַכען איז ניט קיין מעבעל איבערציהען.

**דאָרא**: (לאַכט)

**ברוך**: וואָס לאַכט איהר?

**דאָרא**: נו געוויס איז די וועלט איבערמאַכען ניט אַזוי גרינג ווי מעבעל איבערציהען... (זי קלייבט צוזאַמען די שטיקער סאַמעט און זייד) איהר וועט גאָר געהן מיט מיר אין זאַל אַריין; איהר וועט מיר העלפען דאָס מעבעל איבערציהען. — אין דער דאָזיגער מעגליכקייט גלויבט איהר דאָך יאָ?..

**ברוך**: אָ, זעהר.

**דאָרא**: טאָ קומט מיט מיר, וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס פאַר אַ באַל עס גרייט זיך ביי אונז אין שטוב.

**ברוך**: איך האָף, אַז איהר וועט אַזוי אויך דערצעהלען.

**דאָרא**: נו, וועל איך אייך אַליין לאָזען. איך וועל צו אייך אַריינשיקען מיינע לייט, וועט איהר מיט זיי פערברענגען.

**ברוך**: ווי איהר פערשטעהט... איך וואָלט וועלען אַליין בלייבען.

**דאָרא**: מיט'ן גרעסטען פערגניגען. קיינער וועט אייך דאָ ניט שטערען. — (אָב)

**ברוך** : (ער בלייבט אליין זיצען, דער קאפ טיעף געבויגען).

**מיכאל העלמאן**: (ער בעוויזט זיך אין טיר. בעמערקענדיג שנייערזאנען, דריקט זיין געזיכט פערוואונדערונג אויס. ער בלייבט א ווייל אויף זיין ארט שטעהן, ניט וועלענדיג שטערען ברוכ׳ן).

**ברוך** : (בעמערקט מיכאל׳ן) אך, מיכאל! (ער ווערט מונטערער. געהט מיכאל׳ן אנטקעגען. זיי דריקען זיך די הענד)

**מיכאל** : נו, ברוך?

**ברוך** : ווי קומסטו אהער?

**מיכאל** : איך וואלט וועלען פרעגען, ווי קומסטו אהער? ווי עס ווייזט זיך ארויס, האב איך קיין טעות ניט געהאט.

**ברוך** : וואס מיינסטו דערמיט?

**מיכאל** : ווייל נעכטען האט זיך מיר אויך אויסגעוויזען, אז איך האב דיין שטימע געהערט. ביסטו עס נעכטען אויך דא געוועזען?

**ברוך** : יא, איך בין דא נעכטען אויך געוועזען. (זיי קוקען זיך ביידע גלייך אן אין די אויגען און שווייגען).

**מיכאל** : ביסט אויף א סך געעלטערט געווארען, ברוך.

**ברוך** : (ווי ניט הערענדיג) יא, איך בין דא נעכטען אויך געוועזען. כ׳האב געוואלט אין דיין טיר אנקלאפען.

**מיכאל** : נאר פארוואס האסטו עס ניט געטאן?

**ברוך** : ווייל איך האב אויך שטענדיג ליעב געהאט צו ארבייטען ביי פערמאכטע טירען — כ׳האב דיר ניט געוואלט שטערען.

**מיכאל** : דו האסט ליעב געהאט צו ארבייטען ביי פערמאכטע טירען — און איצטער האסטו זיך דערפון אבגעוועהנט?

**ברוך** : און איצטער... איצטער איז שוין באלד קיין אונטערשייד ניט.

**מיכאל** : מהום...

**ברוך** : איך בין די לעצטע צייט א גאנץ אפטער גאסט ביי דיר

אין הויז. כ׳האָב אַהער מײַן טאָכטער געבראַכט, זאָל זי מיט דײַנע קינדער אינאײנעם וואַקסען.

מיכאל : מיהום... זי איז דאָך שוין געוויס אויסגעוואַקסען.

ברוך : ווי דײַן עמאַ.

מיכאל : ווי עמאַ... און זי איז צופרידען?

ברוך : געוויס איז זי צופרידען, בײַ מיר אין דער היים האָט זי אויסגעזעהן ווי אַנ׳אײנזאַמעס פײגעלע אין אַ גרויסען שטײַג.

מיכאל : יאָ, האָסט גוט געטאָן; ס׳קען זײַן, אַז דו האָסט גוט געטאָן. (ווי דערמאָהנענדיג זיך אָן עפּיס) דאָס האָרץ האָט מיר טאַקי די לעצטע צײַט געזאָגט. — כ׳ווײס נישט וואָרום, ברוך, די לעצטע צײַט האָב איך פיעל געטראַכט וועגען דיר... יאָ, שוין לאַנג איז זי שוין דאָ?

ברוך : פרידע?

מיכאל : יאָ, דײַן קינד, מײַן איך.

ברוך : שוין עטליכע טעג.

מיכאל : עטליכע טעג — און איך האָב עס גאָר נישט געהאוסט.

ברוך : ווערסט זיך נאָך זעהן מיט איהר.

מיכאל : געוויס, געוויס.. דײַנס אַ קינד... זעהר פיעל האָב איך די לעצטע צײַט געטראַכט וועגען דיר.

ברוך : (שמייכעלט) האָסט זיך אין די קינדערשע יאָהרען דער-מאָהנט?

מיכאל : (ער זעצט זיך אויף אַ זאַפּע רעכטס) נישט דאָס אינגאַנצען. איך טראַכט גאַנץ אָפט: אײַן פּראָפעסאָר לערנט מיט הונ-דערטער שילער; לערנט זיי אויף אײן אופן, ווי אַזוי דעם שטריך אויפ׳ן לײַוענד אַנידערצולעגען; ענדיגען זיי — געהט יעדערער אַוועק אויף אַ גאַנץ בעזונדערען דרך.

ברוך : וואָרום גראַדע איצטער איז עס דיר אויפ׳ן זינען אַרויפ-געקומען?

מיכאל : מהום... ווארום גראדע איצטער ?... ווארום גראדע איצטער... דאס איז טאקי א פראגע. איינגענטליך ליעגט עס ביי מיר טיעף אין דער נשמה איינגעווארצעלט. דאס איז דער יסוד פון מיין לעבענס=טראגעדיע.

ברוך : וואס ווילסטו זאגען דערמיט ?

מיכאל : מערקווירדיג, מיר איז עס ארויף אויפ'ן געדאנק באלד ווי איך האב דיך דער... ביי מיר. האסט פריהער גע=זאגט, אז דו ביסט ביי מיר אנ'אפטער גאסט און איך האב עס גאר ניט געוואוסט... (קוקט זיך ארום; רעדט מיט א גע-פאלענעם טאן) דו האסט אפשר געזעהן דארען ?

ברוך : יא, איך האב היינט מיט איהר די גאנצע צייט פער=בראכט.

מיכאל : זי איז געווים נידערגעשלאגען. ס'איז קיין וואונדער ניט, גאר קיין וואונדער נישט.

ברוך : האסט, מיכאל, א טעות. — זי איז פריש און מונטער; שטאלץ און פול מיט גלויבען.

מיכאל : האסטו מיט איהר גערעדט ?

ברוך : טאקי אין דעם איינענעם צימער.

מיכאל : אין דעם דאזיגען צימער ? און נישט לאנג ?

ברוך : איידער דו ביסט אריינגעקומען.

מיכאל : מערקווירדיג, עפיס ווי דאס הארץ האט מיר געזאגט. (ביידע שווייגען)

ברוך : זעהסטו, העלמאן, און איך האב ניט ערווארטעט דיך צו זעהן אין דעם דאזיגען צימער.

מיכאל : פארוואס ?

ברוך : ווייל ער איז א ביסעל צו ווייט פון דיין אטעליע.

מיכאל : האסט רעכט, ברוך. (ביידע שווייגען)

מיכאל : (ווי אויפגעוואכט) מהום... כ'האב אנגעהויבען און פער=געסען צו ענדיגען. (לאכט ביטער) עס וואונדערט דיך..

עס וואונדערט דיך, וואס איך האב פּלוצלונג פערבלאָנדזשעט אזוי ווייט פון מיין אטעליע... א מענשענס נשמה — דאס איז א שפּיגעל. — אבער בלויז די לינקע, די אומגעקעהרטע זייט שפּיגעל. און די זייט, אין וועלכער מען קען אריינבליקען — א, זי איז פערשטעלט. פאר יענעם, פאר׳ן צווייטען, מיין איך, איז זי פערשטעלט. אך, אך, איך אליין, אין מיין נשמה, וואס עס טהוט זיך, זעה איך זעהר גוט.

ברוך: און דערצו נאך די נשמה פון א קינסטלער.

מיכאל: מהום... און דערצו נאך די נשמה פון א קינסטלער, זאגסטו. דאס האב איך אויך געמיינט. מהום... עס דערצעהלט זיך, אז אמאל איז גאט ניט צופרידען געוועזען מיט זיין ארבייט, מיט דעם אלעמען, וואס ער האט בעשאפען אויף דער וועלט — האט ער א מבול אנגעשיקט אויף דער ערד און אלץ וואס אויף איהר אומגעבראכט.

ברוך: דערצו בעדארף מען זיין שטארק ווי א גאט.

מיכאל: יא, שטארק ווי א גאט בעדארף מען זיין, דאס האב איך געמיינט צו זאגען. מען בעדארף קענען אויפהויבען די האנד און אבווישען פונ׳ם לייווענד אלץ, וואס עס איז געשאפען געווארען, אויב דו צווייפעלסט אין דיין ארבייט; אין דיינע אייגענע שעפּפונגס-קרעפטען.

ברוך: און אפשר נאך איידער עס ווערט פערענדיגט.

מיכאל: ס׳איז שוין קיין אונטערשייד ניט. ווי באלד נאר מען הויבט אן צו צווייפלען אין דעם אייגענעם כח. — באלד ביי דער ערשטער רגע.

ברוך: שטארק ווי א גאט בעדארף מען זיין; שטארק ווי א גאט בעדארף מען זיין.

מיכאל: (און א וויילע ארום) וויפיעל איז שוין אין דעם, צייט די אקאדעמיע האט אונז ביידען... (שמייכעלט איראניש) כ׳מיין. צייט די אקאדעמיע האט אונז ביידען דיפּלאמען ארויסגע-

גענבען, אַז מיר זענען שוין זעלבשטענדיגע מאָלער ?..
חאַ=חאַ, זעלבשטענדיגע — הער זיך צו, ברוך,
צום וואָרט, ווי שפּאָטיש ער קלינגט, שפּאָטיש, שפּאָטיש...
(זיי בלייבען ביידע זיצען די קעפּ אַראָבגעהאַנגען, ווי זיי וואָלטען זיך אין אַלטע זכרונות פערטיפט.)

ברוך: כ'האָב שוין כמעט יענע צייט פערגעסען.

מיכאל: פערגעסען!... ס'איז דאָך אָבער יאָ געשעהן אַמאָל, — ס'איז דאָך אַ פאַקט אַ געשעהענער אין אונזער לעבען.

ברוך: (ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ) וואָס מיינסטו דערמיט?

מיכאל: דאָס איז אַלץ אַנ'ענטפער אויף דיין פריהערדיגער פראַגע, פאַרוואָס דו האָסט מיך אין דעם דאָזיגען צימער געטראָפען און נישט אין מיין אַטעליע?.. אַך, ברוך, ברוך... מיר זענען דאָך אַמאָל גאָר קליינע קינדערליך געווען! דו געדענקסט עס נישט, ברוך...

ברוך: און דו געדענקסט, אַז מיר האָבען ביידע ליעב געהאַט נאָך אַ רעגען צו שטעהן און קוקען אויפ'ן רעגענבויגען; צעהלען די פאַרבען אין איהם?

מיכאל: מערקווירדיג! וועגען דעם טראַכט איך דאָך איצטער!

ברוך: צו דעם רעגענבויגען האָט אונז שוין אינסטינקטיוו געצויגען אונזער יונגער קינסטלערישער פייער.

מיכאל: אָבער דו געדענקסט עס גוט?

ברוך: וואָרום זאָל איך עס ניט געדענקען? איך געדענק נאָך, ווען כ'האָב, נאָך גאָר אַ קליין קינד זייענדיג, מיט שטיקליך קויהל אומעטום געשמירט, געוואָלט עפּיס שאַפען — און די מוטער מיינע האָט מיר איבער די הענדליך געשלאָגען. זי האָט ניט געמערקט, אַז אונטער די גראָבע, שוואַרצע קויהלען=שטריכען האָט זיך שוין עפּיס גערעגט, דאָרט האָט זיך שוין געצאַפּעלט מיין צוריסען האַרץ, מיין צופלאַגטע נשמה.

מיכאל: אַך, רעד עס ניט, ברוך; דאָס איז אונערטרעגליך.

**ברוך** : ווי א שווערער חלום האט זיך עס נאך דאן אנגעהויבען. פריהער נאאיוו, ליכטיג, קינדע״-שען — און וואס ווייטער שווערער, פינסטערער ווי א מורא'דיגער קאשמאר, וועלכער האט מיין גאנצען וועזען, מיין גאנץ לעבען אריינגעחאפט. ווי נאאיוו!.. שטעהען צוויי אלטע לייט און דערמאהנען זיך אין זייערע קינדערשע חלומות; קינדערשע ליכטיגע טעג. חא-חא-חא... א, יענע שווארצע, גראבע קויהלען-שטריכען און די אונענדליך דינע פארבען פון דעם רעגענבויגען!...

**מיכאל** : זעהסטו, איך געדענק נאך פיעל פריהערדיגע איינדריקען. איך האב שוין ליעב געהאט צו קוקען אויפ'ן רעגענבויגען נאך איידער איך האב זיך בעדייט געוואוסט.

**ברוך** : און געדענקסטו, וואס די מוטער האט אויף דעם ערקלערט?

**מיכאל** : מיר האט עס גאר מיין פאטער ערקלערט.

**ברוך** : אז דער רעגענבויגען איז א צייכען, אז גאט וועט שוין מעהר דאס געשאפענע ניט אומברענגען?

**מיכאל** : א, ניין, מיר האט מיין פאטער גאר עטוואס אנדערש ערקלערט. עטוואס אנדערש. אין דעם איז א גרויסער טייל אמת געלעגען. און אין מיין פאטערס נשמה האט זיך שוין אנגעהויבען מיין איצטיגער לעבען: ער האט מיר ערקלערט, אז דער רעגענבויגען — דאס איז דער סימבאל פון הארמאניע און גאנצקייט. דער גרויסער וועלט-מייסטער ער געפינט אזוי, אז אלץ וואס מיר זעהען ארום זיך אין דער נאטור, אלץ וואס מיר קענען מיט אונזערע חושים בעגרייפען, איז גאנץ און הארמאניש... הערסט, ברוך, — אין אלץ וואס ארום אונז! אט אין וואס אונזער טראגעדיע בעשטעהט, ברוך; כ'מיין מיין טראגעדיע. איך וואג נישט צו טראכטען אנדערש (אויפגערעגט) איך קען עס נישט פערגעסען: מיינע פענסטער קומען צו מזרח ארויס און יעדעס מאל, נאך א גרויסען געוויטער, נאך שטורם און רעגען, ווען דאס הארץ הייבט אן צו צווייפלען אין דער פאלקאמענהייט און אין דער גאנצקייט פון

גאַנץ וועלט — דאַן בויגט ער זיך, דער רעגענבויגען, אויס מיט גבורה איבערן וואָלקען אַנטקעגען מיינע פענס-טער, ביידע בּרעגען זיינע אָן דעם האָריזאָנט אָנגעשפּאַרט, און ער קוקט מיט עקשנות צו מיר און ווינקט: „פון מיר זאָלסטו אַ ביישפּיל נעהמען אין אַלע דיינע שפּאַנונגען, אין אַלע דיינע חלומות, פון מיר זאָלסטו אַ ביישפּיל נעהמען“...

ברוך: ווי פערשידענע פאַרבען גיסען זיך האַרמאָניש צוזאַמען?

מיכאל: (ביטער) אָט וואָס דאָס שרעקליכסטע איז! און ווי קליין וועֶר איך דעמאָלט. ווי נידערגעשלאָגען איך שפּיר מיך דעמאָלט. איך קוק צו די טויטע אומבעהאָלפענע פאַר-בען און קוק אויף דער גרויסער ליכטיגער וועלט, וועלכע האַלט זיך אין איין בעוועגען... אָבער צו וואָס איז עס אַלץ!...

ברוך: גאָר ניט צופעליג האָבען מיר זיך היינט ביידע געטראָפען.

מיכאל: נישט צופעליג זאָגסטו? מערקווירדיג, ווי דאָס האַרץ מיינס האָט זיך די לעצטע צייט געוועקט. ווייסטו, נעכטען בין איך אַ צייט אין דעם צימער געזעסען און אפשר אין אַנ'-אַנדערן — איך געדענק ניט אויף קלאָר — און איך האָב ווי אויף עמיצען געוואַרט. ס'האָט מיך פון דער אַרבייט געריסען. אַ פרעמדער געפיהל. גאָר אונפערשטענדליך פאַר מיר אַליין, האָט מיך געצויגען צום שלאָס פון מיין טיר — זי צו עפענען: איינמאָל פאַר אַלעמאָל זי צו עפענען (רעדט שטיל) נאָר איך שעם מיך... ברוך, איך שעם מיך... מהום, ווי שרעקליך דאָס איז! ס'איז אונ-ערטרעגליך, ברוך...

ברוך: (ער הויבט אויף דעם קאָפּ, וועלכער איז געווען אויפ'ן ברוסט געזונ-קען, וועהרענד מיכאל האָט גערעדט. זיין געזיכט איז בלאַס) און דאָרא?

מיכאל: דאָרא מיינסטו?

ברוך: קומט זי אַמאָל אַריין אין דיין שטעליע?

מיכאל : (ווי ניט הערענדיג) זי גלויבט נאך אלץ אין מיין ארבייט...
זי גלויבט, אז איך וועל ענדליך די טירען עפענען — הער
זיך נאר גוט איין, ברוך, — איך וועל די טירען פון מיין
אטעליע עפענען און פון דארט וועט פאר איהרע אויגען
עטוואס גרויסעס, עטוואס מעכטיגעס ערשיינען, ליכטי-
געס — ווי איך האב עס איהר אמאל צוגעזאגט.

ברוך : האסטו איהר, ווירקליך, אזעלכעס צוגעזאגט?

מיכאל : געשווארען ביי דאס הייליגסטע.

ברוך : צו וועלכער צייט?

מיכאל : ס'איז שוין קיין אונטערשייד ניט. דאס, וואס כ'האב ביז
איצטער געשאפען, פון מיין קינדהייט אן... איך זאג,
פון מיין קינדהייט (שמערצליך) איך זאג פון מיין קינדהייט
אן — ווען איך האב צום ערשטען מאל געזעהען, ווי
איבער דער ערד, אין פריהלינג, רוקט זיך א געוויטער
אן — מיין ערשטע בעוואונדערונג, מיין ערשטע אויפרע-
גונג איז שוין געווען דער אנהייב פון מיין איצטיגען
גוסס'דיגען אידעאל.

ברוך : און איצטער?

מיכאל : איך בין מיעד. פינסטער איז מיר ארום און ארום, ווי
דורך מיינע גרויסע פענסטער וואלט גאר קיין ליכט ניט
אריינגעשיינט; ווי גאר נישט אנטקעגען מיינע פענסטער
וואלט טעגליך די זון אויפגעהן, (רעדט מיט איין איינגע-
האלטענעם אטעם) איך עפען שטיל די טיר און גנב'ע זיך
ארויס פון מיין אטעליע און דרעה מיך אום מיט ליידיגע
הענד אין די צימערן, וועלכע זעהען פאר מיר ווי פרעמ-
דע אויס... און טרעף איך מיט מיינס א קינד, האב
איך פאר דעם קיין ווערטער ניט, דאס הארץ קלעמט
און אין מויל איז קיין ווערטער ניטא... ווייסטו וואס
דאס בעדייט, ווען דיר פעהלען ווערטער פאר דיין
ליעבסטען? ווען ארום דיינע ליפען פעהלט דער שמייכעל
פאר דעם, וואס חלום'ט אפשר פון דיר טאג און נאכט,
טאג און נאכט?...

ברוך : (מיט בליקען, צו דער ערד געזונקענע) און דיין ארבייט ?

מיכאל : (שווער) האַלט ביים אונטערגעהן.

ברוך : ביים אונטערגעהן...

מיכאל : אַך, עס פעהלט מיר די געטליכע קראַפט.

ברוך : (קאַלט, אין דער איינענער פּאָזע) צו פערענדיגען ?

מיכאל : (נערוועז) ניין! מיר פעהלט די געטליכע קראַפט, איך זאָל
מיט מיינע אייגענע הענד אָבווישען פונ׳ם לייוונט אַלץ,
וואָס כ׳האָב מיט מיין געדאַנק, מיט מיין האַרץ געשאַ-
פען!.. אַליין מיט מיינע הענד... געדענקסט, ברוך,
ווי מיר זענען אין דער יוגענד געווען ענהליך איינער
צום אַנדערן?

ברוך : יאָ, זעהר ענהליך, אַלע פּראָפעסאָרען האָבען עס געזאָגט.

מיכאל : (חאַפּט ברוכ׳ן פאַר׳ן האַנד) ווועסט געהן מיט מיר?

ברוך : וואוהין מיינסטו ?

מיכאל : צו מיר, אין מיין אַטעליע.

ברוך : קענסט עס נאָך ביי זיך פועל׳ן? מיך פיהרען אַהין,
צו דיר?

מיכאל : (פערלאָרען) וואָרום וואָס — ס׳איז דען אַזוי שרעקליך,
מיינסטו?... יאָ, דו מיינסט אַזוי? וואָס זייינסטו?

ברוך : (ענטפערט ניט)

מיכאל : מיינסטו עס ווירקליך, ברוך? מיר זענען דאָך אין דער
יוגענד אַזוי ענהליך געווען איינער צום אַנדערן.

ברוך : איצטער זענען מיר נאָך פיעל ענהליכער איינער צום
אַנדערן.

מיכאל : געפינסט עס ווירקליך? דו געפינסט עס?

ברוך : (זיפצט שווער) יאָ, איך געפין עס און דעריבער וויל איך
צו דיר, אין דיין אַטעליע ניט געהן.

מיכאל : ווילסט עס נישט טאָן דיין חבר פון דער קינדהייט?

**ברוך**: איך האָב מורא.

**מיכאל**: האָסט מורא, מהום... כ'מיין, כ'וויל, דו זאָלסט מיט דיין האַנד צו מיין אַרבייט עטליכע שטריכען צוגעבען — מיט דיין האַנד; איך אַליין וועל שטעהן פון ווייטען — פילייכט וועט עס מיר צוריק מיין גלויבען, מיין כח...

**ברוך**: דו, מיכאַל, פערלאַנגסט פון מיר הילף?!

**מיכאל**: (עס פעהלט איהם אויס אָטעם, ער ווערגט זיך מיט די ווערטער) אַך, ניין, נישט דאָס, נישט דאָס...

**ברוך**: מיין האַנד ציטערט אויך; ניט זיכער איז שוין דער פינ־זער אין מיין האַנד.

**מיכאל**: נאָר אַזוי. ציטערט אויך. ניט זיכער... אָבער ניט דאָס האָב איך געמיינט; אַך, אַז גאָר נישט דאָס... (ער נעהמט איהם אַרום און קוקט איהם פערשעמט אין געזיכט) פער־שטעהסטו, איך וויל נאָר, אַז דו זאָלסט דערביי שטעהן; פערשטעהסטו, מיך וועט עס שטאַרקען, ווען איך וועל דיך שפירען הינטער מיינע פלייצעס.

**ברוך**: און דו וואָס?

**מיכאל**: איך וועל מיט אַ פּינזעל שוואַרצען פאַרב פערשמירען אַלץ — אַלע מיינע אידעען; אַלץ, וואָס כ'האָב געשאַפען; אַלץ, וואָס כ'האָב געוואָלט... וואָס כ'האָב...

**ברוך**: שווייג, דאָס איז שרעקליך! ס'איז שרעקליך, מיכאַל...

**מיכאל**: (האָפנונגסלאָז) פעהלט דיר אויך די קראַפט?

**ברוך**: ביידע שטעהען מיר ביים ברעג פונ'ם פינסטערען אָבגרונד.

**מיכאַל**: וואָס רעדסטו?... וואָס רעדסטו?... (אַ דריקענדע שטיל־קייט).

**ברוך**: (מיט אַ טיעפער פערצווייפלונג) איך בין שוין לאַנג אַנטלאָפען געוואָרען פון מיין אַרבייטס־צימער. און בין פערוואָגעלט געוואָרען. כ'האָב אַלץ אין מיטען געלאָזען. און וואו איך קעהר מיך און וואו איך ווענד מיך — הער איך אַלץ דאָס

הארצרייסענדע געוויין פון מיינע ניט=פערענדיגטע **שעפ**=
פונגען. זיי וויינען, איך זאָל זיך צוריק צו זיי **אומקעה**=
רען. איך זאָל זיי דאָס אמת'ע לעבען געבען. זיי **ווילען**
ניט קיין פערקריפּעלטע אויף דער וועלט **ערשיינען. און**
מיר פעהלט די קראַפט, מיינע **שעפּפונגען דאָס לעבען צו**
געבען.

**מיכאל**: דאָס לעבען זיי געבען — ל ע ב ע ן א ו ן ה א ר מ אָ נ י ע,
לעבען און הארמאָניע — מיר ביידע **שטרעבען** דאָך **צו**
איין גרוים, אונשטערבליכעס ווערק.

**ברוך**: און ביידע אין פערצווייפלונג. און **ביידע אויפ'ן שייד**=
וועג זיך געטראָפען. — **נאָר** איצטער, **מיכאל, איז אונז**=
**זער** וועג איינער, איינער, איינער...

**מיכאל**: (גרייפט איהם פאַר ביידע הענד) **לאָמיר אונזערע ביידענס קראַפט**
**פעראייניגען!**

**ברוך**: **אומזיסט; מיר ווילען נאָר בלויז אונזער טראַגעדיע**
**פערדאָפּלען.**

**מיכאל**: **אויב אונזער פעראייניגטע קראַפט וועט אונז נישט גענוג**
**זיין אויף צו שאַפען איין ג ר ו י ס ע ס, ל י כ ט י ג ע ס און**
**ל ע ב ע ד י ג ע ס ווערק, דאַן זאָל... דאַן זאָל...**

**ברוך**: רעד ווייטער.

**מיכאל**: **דאַן זאָלען אונזערע פעראייניגטע קרעפטען פערניכטען**
**אַלץ, וואָס האָט פאַר אונז אַזא פינסטערען אָבגרונד אויפ**=
**געעפענט. קום מיט מיר, קום מיט מיר, מיין ברודער!**
**ביטט דאָך איצטער מיין ברודער...**

**ברוך**: דאָס געוויין שטאַרקט זיך — ס'איז אונערטרעגליך.

**מיכאל**: כחות פרישע, איצטער איז די צייט, ברוך!

**ברוך**: (ער ציטערט פאַר אינערליכער אויפרעגונג) **יאָ, לאָמיר ביידע אונ**=
**זערע כחות פעראייניגען.**

**מיכאל**: (נערוועז) חאַ=חאַ... דו ביסט גרייט?

**ברוך**: **יאָ, לאָמיר אונזערע ביידענס כחות פעראייניגען, מיר זאָ**=

לען אין דעם פינסטערען אָבגרונד ניט אַריינפאַלען. (זיי שטעהען ביידע ווי פער׳שכור׳טע, האַלטען זיך ביידע פאַר די הענד, עס זעהט אויס, אַז ווען זיי וואָלטען איינער דעם צווייטענס האַנד אָבגעלאָזט, וואָלט ביי זיי קיין כח ניט געקלעקט אויף די פיס זיך צו האַלטען. פון צווייטען צימער הויבט זיך ווידער אָן צו דע־ען עמאַס שטימע זינגענדיג ווי אין אָנהויב אַקט. זי זינגט איהר ליעד אין צווייטען צימער. זיי הערען זיך ביידע צו אָנגעשטרענגט, ווי פון אַנדערע וועלטען וואָלט צו זיי דאָס געזאַנג ציהען).

**מיכאל** : (שעפּטשעט) שרעקליך, ווען די זון געהט אויף נאָך האַלבער נאַכט!...

**דאָרא** : (זי בעהייזט זיך אין טיר. בעמערקענדיג די אָנוועזענדע, ווערט איהר פרעהליך געזיכט גלייך פערוואָלקענט. זי מאַכט אַ פּאָר טריט, ווי זי וואָלט וועלען עפּיס זאָגען, נאָר באַלד ציהט זי זיך צוריק, קוקענדיג צו זיי מיט שמערצליכע בליקען.)



# דריטער אַקט.

ביי מיכאַל העלמאַן.

אַ גרויסער גאַסט-צימער, אויפגעפּאַסט מיט גרויס געשמאַק און אַ העל-גרינעם טאָן. רעכטס דריי גרויסע פענסטער. לינקס איין טיר, וועלכע פיהרט צום אַלגעמיינעם קאָרידאָר, און דעם הינטערגרונד אַ טיר צו מיכאַל העלמאַן און אַטעליע. די טיר איז פערמאַכט. אויף די וועגד קאַנדע-לאַברען. און מיטען זאַל העגנט אַ גרויסער קריסטאָלענער זשיראַנדאָל.

אָוועגד. און איין קאַנדעלאַבר ברענען צוויי ליכט.

**ברוך** : (ער זיצט אויף אַ זאָפע רעכטס צווישען די פענסטער. זיין קאָפּ אויף די הענד אָנגעשפּאַרט)

**דאָרא** : (זי קומט אָן פון טיר לינקס. געקליידט אין אַ העל-בלויען אָווענד-קלייד, ווי זי וואָלט עמיצען זוכען. זי בעמערקט ברוכ'ן) גאָר דאָ זיצט איהר? כ'האָב געמיינט, איהר זענט שוין אַוועק-געגאַנגען.

**ברוך** : (ער הויבט אויף זיין קאָפּ. ס'איז צו מערקען, אַז פאַר די לעצטע עט-ליכע טעג איז ער שטאַרק געעלטערט געוואָרען. זיין שטימע איז פינס-טערער געוואָרען) יאָ, איך האָב שוין טאַקי געוואָלט אַוועק-געהן.

**דאָרא** : איך מיין, אז איהר וועט עס מיר ניט טאָן. איהר וועט דאָך בלייבען... וואָרום ענטפערט איהר מיר ניט, הערר שנייערזאָן? איהר שווייגט... אָבער ניט שטענדיג קען מען מיט'ן שווייגען דעם צווייטען פיעל-ווייניג מיט־טיילען.

**ברוך** : איך וועל באַלד געהן.

**דאָרא** : איהר וועט בלייבען.

**ברוך** : דאָס קען ניט געמאָלט זיין. מיר איז זאָגאַר שווער אייך אַנ'ערקלערונג אויף דעם צו געבען. היינט בין איך אהער געקומען געגען מיין ווילען. איהר פערשטעהט, איך האָב היינט קיין רעכט נישט געהאַט דאָ צו זיין. איך האָב געקענט מיכאל'ן ווידער בעגעגנען — און דאָס וואָלט שוין פאַר אונז ביידען געווען איבער די קרעפטען.

**דאָרא** : און וואָס צווישען אייך איז פאָרגעקומען — בלייבט פאַר מיר אַנ'אונהיימליכער סוד. איך וועל מיך בעמיהען היינט וועגען דעם ניט צו קלערען... ניין, היינט וועל איך וועגען דעם ניט קלערען... איהר האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו זיין, — זאָגט איהר — אָבער איהר זענט דאָך געקומען...

**ברוך** : מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב נאָך נויטיג געהאַט מיט אייך צו רעדען וועגען מיין קינד, וועלכעס איך האָב אויף אייערע זיכערע הענד געלאָזען... נאָר קומענדיג אהער, האָב איך געשפירט, אַז ס'איז גאַנץ איבעריג. איך בין זיכער און מיין האַרץ איז רוהיג.

**דאָרא** : פון איין זייט פערשאַפט עס מיר פיעל פערגניגען, נאָר אייער רוהיגקייט — כ'מיין אייער אויסדרוק... דאָס בעאונרוהיגט מיך.

**מיכאל** : (שמייכעלט) גאַנץ נאַטירליך; ווען איך האָב פאַר איהר אַזאַ מוטער אויסגעפונען.

**דאָרא** : זאָל זיין אַזוי, איך וועל מיך בעמיהען אייך צו גלויבען. און אינגאַנצען וועט איהר ערשט פערטרייבען פון מיין

קאָפּ דעם געדאַנק, וואָס בעאונרוהיגט מיך, ווען איהר וועט דאָ היינט בלייבען אויף אונזער היימישען קינדער-באַל. די קינדער וועט עס זעהר פיעל פערגניגען פער-שאַפען. איבערהויפּט פרירען בין איך אויסען. זיי האָבען זיך דאָך אַזוי פיעל געגרייט.

**ברוך**: איך קען אייך ניט פאָרשטעלען, וויפיעל שמערצען דאָס פערשאַפט מיר, איך זאָל אייך בעדאַרפען ענטזאָגען. איך וואָלט, דאַכט מיר, גאָר קיינמאָל קיין דרייסט ניט געהאַט אייך צו ענטזאַגען — נאָר דאָסמאָל...

**דאָרא**: בעדאַרף מען ניט... ענטשולדיגט מיר, וואָס כ'האָב אַזוי פיעל וועגען דעם גערעדט. ס'איז ווירקליך נאַריש פון מיר.

**ברוך**: אַך, וואָס רעדט איהר, דאָרא? צי דען פערשטעה איך ניט אייער האַרץ היינטיגען אָוועגד?... כ'האָב דאָך אַלץ געקענט בעמערקען. איך ווייס, מיין פריינד, וואָס פאַר אַ בעדייט היינטיגער טאָג האָט פאַר אייך, און דעריבער קען איך דאָ לענגער ניט בלייבען, און וועגען מיין קינד...

**דאָרא**: איהר זענט גערעכט. איך האָב גאָרניט צו אייך.

**ברוך**: ווי באַלד אַזוי, קען איך איצטער רוהיג פון דאַנען אַוועק-געהן. (דריקט איהר האַנד) איך דאַנק אייך פאַר אַלץ, דאָ-רא; איך דאַנק אייך פאַר אַלץ, אפשר האָב איך היינט ניט אַזוי דייטליך זיך אויסגעדריקט — איז עס דערפאַר, ווייל כ'האָב ניט געקענט; וויל... איינס וויל איך אייך נאָר זאָגען, נאָר דאָס בעדאַרפט איהר וויסען...

**דאָרא**: איך האָב אין אונזערע געשפּרעכען קיינמאָל ניט אויסען געוועזען, מיט וועלכען ס'איז געדאַנק אייך אונאַנגענעהם צו מאַכען.

**ברוך**: ניט דאָס, ניט דאָס... איך קען היינט מיט מיין קינד ניט בלייבען צוזאַמען: קינדער טאָרען ניט זעהן זייערע עלטערן אין אַ טרויעריגען צושטאַנד. זיי טאָרען ניט ווי-

סען, אַז בײַ זײַערע עלטערן איז דאָס האַרץ צוריסען. פערשטעהט עס... איך זאָל זיך אָבער איצטער צוריק אין אַ קינד פערוואַנדלען, — דאָס קען שוין איצטער ניט געשעהן... אַ גוטע נאַכט!

**דאָרא** : (קוקט איהם פאָרשענד אָן) אַ גוטע נאַכט!

**ברוך** : יאָ, אַ גוטע נאַכט (געהט געשווינד אַרויס).

**דאָרא** : (זי בלײַבט אַ ווײַלע אויף איהר אָרט. קוקט נאָך ברוכ'ן)

**ברוך** : (ער בעווײַזט זיך אין טיר) און מײַן קינד זאָלט איהר זאָגען, אַז איך וועל... אַך, נײַן! גלײַכער, אַז איהר וועט איהר גאָרנישט זאָגען, גאָרנישט זאָגען... (פערשווינדט)

**דאָרא** : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געהט איהם נאָך) נײַן, איך וועל איהר גאָרנישט זאָגען... פילײַכט וועל איך איהר אָט וואָס זאָגען... (זי איז שוין אויף יענער זײַט טיר, שטיל. עס הערט זיך דאָס קלאַפּען פון דער אַרויסגאַנגס-טיר).

**דאָרא** : (קומט צוריק דורך דער אײַנגענער טיר; איז אויפגערעגט און דאָך דריקט איהר געזיכט אויס ערהאַבענהײַט. אַ ווײַלע בלײַבט זי געבען טיר, ווי זי וואָלט זיך בעדענקען. זי געהט שטיל צו מיכאַלס טיר. זי בעמיהט זיך צו געוועלטיגען אַלײן מיט זיך, נאָר דער אינערליכער געפיהלען-שטורם שטאַרקט אַלץ איבער. ענדליך קלאַפּט זי גאַנץ פאַר-זיכטיג אין מיכאַלס טיר. עס קלינגט דער שלאָס פון אינווענינ, די טיר עפענט זיך און עס בעווײַזט זיך מיכאַל)

**מיכאל** : (ער איז בלאַס. קוקט פערוואונדערט צו דאָרען)

**דאָרא** : (וועלכע האָט אָבגעטרעטען אָן אַ זײַט, זעהט אויס ווי אַ קינד, וועל-כעס מען האָט בעמערקט בײַ וועלכען ס'איז פערברעכען, רעדט מיט אַ ציטערנדער שטימע) דאָס בין איך, מיכאַל.

**מיכאל** : דאָרא...

**דאָרא** : ענטשולדיג מיר, אויב איך האָב דיר געשטערט.

**מיכאל** : (אונרוהיג) דו ביסט עס, דאָרא... ביסט לאַנג געווען הינ-טער דער טיר געשטאַנען. כ'האָב עס געשפּירט.

**דאָרא** : (קינדיש נאַאיוו) האָסט געשפירט, מיכאַל? איך בין דאָך

אזוי שטיל צוגעגאנגען... (זי נעהמט איהם פאר׳ן האנד) איך האב דאך אזוי שטיל אנגעקלאפט, מיכאל... (קוקט איהם צערטליך אין די אויגען)

מיכאל: און דו, דארא, האסט אין מיין טיר אנגעקלאפט... דו, דארא... א, ווי לאנג דאס איז שוין נישט געשעהן; אך, ווי לאנג!

דארא: (נאך מעהר אויפגערעגט) און ווי איך האב הינטער דער טיר געציטערט האסטו געהערט, מיכאל?.. מיכאל מיין...

מיכאל: (חאפט זי ארום) מיין קינד! ווי לאנג דאס איז שוין נישט געשעהן! ווי לאנג, דארא, דאס איז שוין נישט געשעהן!

דארא: (מיט פיעל ליעבע) אך, טרוימער מיינער, טרוימער מיי־נער... (קושט איהם אויפ׳ן שטערן)

מיכאל: יא, דארא, א טרוימער בין איך. לאנג, לאנג ציהט ער זיך, דער טרוים. און ווען דו בעווייזט זיך פאר מיין מיר, ביסטו געגליכען פאר מיר צו דער זון, וועלכע בעלייכט מיר דעם לאנגען אונענדליכען חלום מיינעם.

דארא: (געפינט קיין ווערטער נים. פערלירט זיך צוויטלען) געוועזען ציי־טען, ווען כ׳האב געמיינט, אז די טיר וועט זיך שוין קיינמאל נים עפענען... אך, נים דאס האב איך גע־וואלט זאגען... ניין, איצטער וועל איך דיר גארנישט זאגען... אלץ האב איך פערגעסען... אלץ האב איך פערגעסען... (ביידע שווייגען א צייט)

מיכאל: וואס ציטערסטו אזוי, מיין קינד?

דארא: פאר גליק. מיר איז שווער מיין גליק צו פערטראגען... א, מיכאל!...

מיכאל: מהום... דיין גליק...

דארא: די צוואנציג פערגאנגענע יאהרען האבען זיך אלע צו מיר אומגעקעהרט און זיי האבען מיך אלע ווי א ווירבעל־ווינד אין מיטען אריינגעהאפט.

מיכאל: וואס פאר א צוואנציג יאהר?

**דאָרע** : שפּעטער, שפּעטער.

**מיכאל** : בערוהיג דיך, בערוהיג דיך, מײַן קינד...

**דאָרע** : (שטאַרקט זיך) איך בין שוין רוהיג... כ'האָב מיך ווי אַ קלײן קינד פערגעסען. אויף אײן ווײַלע פערגעסען. איך בין שוין רוהיג, מיכאל... מיר האָבען דאָך אַזוי פיעל צו רעדען און איך האָב מיך ווי אַ קלײן קינד פערגעסען, וואָס מיט מיר איז... זעהסטו, איך בין שוין רוהיג. אָבער דו, מיכאל, דאַכט זיך, אַז דו ביסט נאָך ניט אײנגעאַנצען רוהיג.

**מיכאל** : (קוקט זיך אַרום) דאַכט זיך, דאָס מעבעל האָט מען איבער־געצויגען דאָ אין צימער; ראָז איז עס אַמאָל געווען.

**דאָרע** : (שמייכעלט) יאָ, ראָז איז עס געווען, ראָזע זײַד און אַטלאַס.

**מיכאל** : מיר דוכט, אַז ראָזע סאַמעט.

**דאָרע** : (שמייכעלט) שוין צוויי יאָהר, אַז כ'האָב דאָס מעבעל ניט איבערגעצויגען.

**מיכאל** : (פערוואונדערט) צוויי יאָהר...

**דאָרע** : נו, און איצטער ווי זעהט עס דען אויס?

**מיכאל** : דאַכט מיר, גרין. ס'איז שווער אונטערצושײַדען אין דער דאָזיגער בעלויכטונג. וואָרום איז דאָ נישט ווי געהעריג ליכטיג?

**דאָרע** : ס'איז דאָך בלויז אונזער גאַסט־צימער.

**מיכאל** : און מיר אַלײן זענען די געסט אין איהם... יאָ; און מיר אַלײן זענען די געסט אין איהם. (זיי זעצען זיך אויפ'ן דיוואַן ריכטס)

**דאָרע** : דו האָסט זיך אַזוי דערווײַטערט פון אַלעמען; קײנער קומט ניט אַהער — זענען מיר אַלײן דאָ געבליבען די אײנציגע געסט.

**מיכאל** : יאָ, איך האָב זיך דערווײַטערט.

**דאָרא** : נאָר איך פערלאַנג פון דיר קיין זאַך ניט. ווי ווייט דו זאָלסט ניט זיין פון מיר, ביסטו פאַר מיר דאָס גאַנצע לעבען מיט אלע זיינע רייכקייטען און פריידען. (שטיל)

**מיכאל** : זאָג מיר, דאָרא, וואָס איז פאַרהאַנען אזעלכעס אויסער דעם דאָזיגען גאַסט=צימער, וועלכעס איך מערק ניט? מיר דאַכט, אַז דו ברענגסט שטענדיג, פון יענער זייט פענסטער אונזערע, ברענגסטו דאָס ליכט אין הויז אריין צו טראָגען.

**דאָרא** : דאָס גאַנצע לעבען האָט צו מיר שטענדיג געשטראָמט פון דאָרטען (בעווייזט צו מיכאַלס טיר) און האָטש זי איז שטענדיג פערשלאָסען געווען... פון דאָרטען אָטעמט מיין נשמה דאָס ליכט און שפּעטער טראָג איך דאָס ליכט אַרוים ווייט, אויף יענער זייט פון אונזערע פענסטער.

**מיכאל** : וויפיעל גלויבען דו טראָגסט נאָך אין דיין הארצען! (ביידע שווייגען אַ צייט)

**מיכאל** : (פאַרזיכטיג) וואו זענען אונזערע קינדער?

**דאָרא** : מיין טייערער! וועגען דעם טראַכט איך די גאַנצע צייט. האָסט מיך קיין איין מאָל וועגען זיי ניט געפרעגט. וויפיעל שמערצען דאָס פערשאַפט מיר, מיכאַל!

**מיכאל** : מיינסטו, איך טראַכט גאָר קיינמאָל ניט וועגען זיי?

**דאָרא** : מיר דאַכט, אַז קיינמאָל ניט; דו טראַכסט קיינמאָל ניט וועגען זיי. דו מערקסט גאָר ניט, ווי זיי וואַקסען.

**מיכאל** : (פיינליך) ניין, דאָרא; ניט דאָס... צוויי הענד האָט דער מענש, פון וועלכע ער ווייסט. נאָר מיט יעדען מענשען ווערט נאָך אַ דריטע האַנד, אונבעמערקט פון איהם, ווערט זי געבוירען. דער מענש ווייסט ניט פון איהר. דער מענש מערקט זי ניט. און ווען דער מענש בויט עטוואָס — בויט די אונבעקאַנטע האַנד גאָר דאָס פערקעהרטע. און קיינמאָל איז קיין גאַנצקייט ניטאָ אין דעם מענשענס ארבייט.

**דאָרא** : קיינמאָל ניט?

**מיכאל** : און ווער ווייס, ווי לאַנג נאָך דער מענש וועט מלחמה האַלטען אַליין מיט זיך ; ער וועט בויען, גאָר ניט מער־קענדיג, אַז די פערבאָרגענע האַנד שלעפּט אייניציגווייז אַרוים די ציגעל פון דעם באָדען. און ביז וואַנען דער מענש וועט זיך צופּאַסען צו זיין אונבעקאַנטער האַנד, וועט זיין אַרבייט צו ענדע קיינמאָל נישט דערפיהרט ווערען.

**דאָרא** : פאַרוואָס רעדסטו איבער דעם גראָד אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב וועגען די קינדער דערמאָהנט ?

**מיכאל** : ווער האָט אין דיין נשמה אַזוי פיעל גלויבען פערפלאַנצט? פון וועלכען קוואַל האָסטו עס געשעפּט ?

**דאָרא** : דו האָסט דאָך עס מיך געלערנט.

**מיכאל** : איך ?

**דאָרא** : דו האָסט דאָך מיך געלערנט, אַז ווען די זון פערגעהט, זאָל איך גלויבען, אַז מאָרגען וועט זי אויפגעהן, לויטער און ליכטיג.

**מיכאַל** : (שטיל ווי פאַר זיך) און די זון פערגעהט טאָג אין טאָג...

**דאָרא** : און די זון געהט אויף טאָג אין טאָג. און איינמאָל — האָסטו מיר דערצעהלט — וועט קומען אַ טאָג, ווען די זון וועט אויפגעהן, און אַז זי וועט דערגרייכען דעם רעכטען מיטען הימעל, וועט זי שוין דאָרט בלייבען אויף איהר אָרט, אין מיטען הימעל, און קיינמאָל וועט זי שוין מעהר נישט פערגעהן... און אַזוי, פון איהר גרעסטער הויך, וועט זי בעלייכטען אונזער לעבען.

**מיכאַל** : (פערוואונדערט) איך האָב עס דיר געזאָגט ?

**דאָרא** : יאָ, דו. און איך האָב נאָך ניט אויפגעהערט צו גלויבען און צו האָפען. און דאָס וועט געשעהן דאַן, ווען דער מענש וועט מיט אָפענע אויגען דעם לעבען אין די אויגען אַריינקוקען...

**מיכאַל** : דאָס לעבען, דאָס לעבען... ווער האָט פון זיין אמת׳ן

קוואַל געטרונקען? . . .

**דאָרא** : (זי קושט איהם אויפ׳ן קאָפּ) איך טרינק פון איהם, מיכאַל . . . צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען, און ווי איך האַלט זיך היינט צום ערשטען מאָל געטראָפען . . . צי ווייסטו עס, מיכאַל, אַז צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען? . . .

**מיכאל** : (זיפצט) צוואַנציג יאָהר . . .

**דאָרא** : צוואַנציג יאָהר זענען אַריבער — און יעדעס מאָל פלעג איך מיך ווי די קליינע טילע פער׳גנב׳ענען הינטער דיין טיר, מיט האַרצקלאַפּ דאָרט שטעהן און פערגעסען אַן אַליץ . . . (ביידע שווייגען אַ צייט.)

**מיכאל** : מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען מיר האָבען זיך ביידע געטראָפען צום ערשטען מאָל, האָבען מיר אויך דעמאָלט ביידע ווי איצטער געשוויגען. איך האָב דאַן געהאָפט אין דיר צו געפינען יענעם פעסטען באָדען פאַר מיין קינדליכן אידעאַל.

**דאָרא** : און האָסט ניט געפונען?

**מיכאל** : איך האַלט נאָך אין זוכען.

**דארא** : און אין אונזערע קינדער מיינסטו גאָרנישט צו געפינען?

**מיכאל** : ענדליך האָסטו זיך אַליין אין מיין לעבענסבילד פער־וואַנדעלט.

**דארא** : איך? אין דיין לעבענסבילד?

**מיכאל** : דו, דאָראַ, דו.

**דאראַ** : און די קינדער אונזערע? און זיי? ... צוואַנציג יאָהר זענען פאַרבייגעגאַנגען. היינט האָט דער צוואַנציגסטער יאָהר געמיטען.

**מיכאל** : (פערוואונדערט) היינט?

**דארא** : יאָ, היינט. דערמאַן זיך. יאָ היינט. ווי אַ קליין מיידעלע בין איך היינט צו דיר הינטער דער טיר געקומען

און כ'האָב מיט אַ פערשלאָגענעם אָטעם געשעפּטשעט
מיכאַל, צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען..
צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען... מיכאַל...

מיכאל : (ערינערט זיך) מיט צוואַנציג יאָהר צוריק — ווי איצטער איז עס געווען. איך האָב דאַן מיין ערשטען טריט געמאַכט. יאָ, מיין ערשטען טריט. מיין ערשטען לעבעדיגען אידעאַל אין אַ לעבענס־בילד צו פערקערפּערן. איך בין געשטאַנען פאַר'ן שוועל פון לעבען מיט אַן'אויסגע־שטרעקטער האַנד, געוואַרט, עמיצער זאָל פון ערגעץ קו־מען, מיך פאַר'ן האַנד נעהמען און איבער דער שוועל אַריבערפיהרען... און דאַן האָב איך דיך צום ערשטען מאָל דערזעהן. דו האָסט דיך פּלוצלונג ווי אַ פריהלינגס־טרוים פאַר מיר בעוויזען. „קום מיט מיר"... האָסט שמאָלץ געזאָגט — „לאָמיר ביידע אונזער וועג אין לע־בען אַריין פאַר זיך מאַכען"... און אַזוי זיכער האָט דערמאָלט דיין שטימע געקלונגען...

דארא : זיכער בין איך שטענדיג געווען.

מיכאל : (ביטער) און דאָך אויף דער זייט שוועל געבליבען.

ארא : ניין, מיכאַל, איך בין ווייט פונ'ם שוועל שוין אָבגעגאַנ־גען. און דערפאַר וואָס איך בין די מוטער געווען און צוזאַמען מיט מיינע קינדער געוואַקסען. צוזאַמען מיט איהרע ק וואַקסט די מוטער אוים!

מיכאל : און מעהר האָסטו שוין נישט פערלאַנגט? קיין זאַך נישט געזוכט?

דארא : איך האָב אין דעם דאָס דערווייליגע לעבען געפונען.

מיכאל : נאָר דאָס דערווייליגע?

דארא : אין דער גענענוואַרט ליעגט אונזער צוקונפט!.. ציי דען ווייסטו עס ניט?.. די קינדער זענען דיינע, ווי מיי־נע. און אַזוי זעלטען הער איך פון דיר דאָס וואָרט „מיינע קינדער".

מיכאל : רעד ווייטער — ווי ביטער ס'זאָל נישט זיין.

דארא : (וועהרענד זי רעדט, האלט זי די גאנצע צייט דעם קאפ אויף זיין אקסעל אנגעשפארט) געגנען מיר האסטו קיין שולד ניט. עס קען זיין, אז איך בין געגנען דיר שולדיג. אפשר האב איך זיך ווירקליך צופיעל דער געגנענהארט אבגעגעבען...
אבער די קינדער — געגנען זיי ביסטו שולדיג, מיכאל. צו ענדע בעדארף מען אלע ווערק ברענגען צופיהרען. דו האסט אין דיינע קינדער קיינמאל דיין אידעאל ניט געזוכט. אין דער צייט, וואס אפשר ניט פיהלענדיג און ניט ווילענדיג, זענען זיי א שטיק פון דיין לייב, פון דיין נשמה, א טייל פון דיין שענסטען לעבען, די פרוכט פון דיינע ליכטיגסטע מינוטען...

מיכאל : אך, בעסער רעד נישט, בעסער רעד נישט. ס'איז גרויזאם. דארא, אפילו דיים אמת מוז מען אויך אמאל אין דעם איינגענעם הארצען בעגראבען. נישט שטענדיג, נישט שטענד... פערצייה מיר, מיין קינד... (זיי שוויי־גען ביידע א צייט, איהר קאפ אויף זיין ברוסט פערבארגען)

דארא : (זי הויבט אויף איהר קאפ, דאס געזיכט פערוויינט) ניין, מיכאל, קיינער איז ניט שולדיג, קיינער איז ניט שולדיג.

מיכאל : וואס טהוסטו, דארא?... דו וויינסט? דו, דארא... איך האב קיינמאל קיין טרערען אין דיינע אויגען ניט גע־זעהן — וואס טהוסטו?

דארא : ס'איז פאר שמחה. ס'הארץ איז איבערפולט. כ'בין אזוי לאנג ניט געוועזען אזוי נאהנט צו דיר. איך פלעג שטענ־דיג אין אט דעם צימער אומגעהן איינע אליין. איינע אליין; אין דער שטיל זיך צוהערען בײם מיר, — אפשר וועל איך דורך דער פערשלאסענער טיר דערהערען, ווי ס'הארץ דיינס קלאפט. איך פלעג מיך אין דער שטיל אהער אריינשלייכען, ליעגען פאר דיין טיר און ניט געוואגט אין איהר אנצוקלאפען. חאטש איך האב געשפירט, ווי מיין לעבען געהט מיר אוים אזוי אליין ביי דער שוועל וויצענדיג... אין די איינזאמע נעכט, אין די איינזאמע נעכט... אוים ליעבע האב איך עס געטאן. כ'האב

קיינמאָל ניט געוואָגט צו טראַכטען אַזוינס, וואָס זאָל גע-
גען דיר זיין. אויך אַמאָל האָט זיך אַ וואָרט אַ בייזעס
פון מיינע ליפּען אַרויסגעריסען, איז עס ניט פון מיין
האַרצען געווען. מיין האַרץ האָט שטענדיג געטראָגען די
הייסטע און הייליגסטע געפיהלען פאַר דיר! מיין נשמה
האָט אין איהר פערבאָרגענער טיעפעניש שטענדיג דיין
געשטאַלט געטראָגען — האָטש צייטען זענען פאָריבער
און איך האָב דיין געזיכט ניט געזעהן.

מיכאל : (שוואַך) פאַרוואָס האָסטו אין מיין טיר נישט אָנגעקלאַפּט?

דאָרא : איך וואָלט עס נאָך היינט אויך ניט געטאָן. נאָר ס'איז
שוין איבער מיינע קרעפטען געווען. מעהר ווערטען האָב
איך שוין ניט געקענט.

מיכאל : אך, מיין קינד, איך בין אַ טרוימער געבאָרען געוואָרען
און מיין גאַנץ לעבען איז מיר אין זוכען אַריבערגעגאַנ-
גען. מיין גאַנץ לעבען איז מיר פאָריבער אין זוכען
מיין אייגענעם חלום. נאָר איצטער... איך שעם מיך...
איך שעם מיך פאַר דיר... צי זאָל איך דיר דערצעה-
לען, אַז אַלץ, וואָס איך האָב פאַר די צוואַנציג יאָהר
געשאַפען, ליעגט שוין האַלב פערניכטעט... ווען דו וואָלסט
וויסען, ווי עלענד און נידערגעשלאָגען איך האָב מיך גע-
שפּירט, יעדעס מאָל, איבערהויפּט, ווען מיין נייער בנין
איז, איינגעפאַלען — ווען מיין אייגען קינד פלעגט פאַר
דער צייט שטאַרבען...

דאָרא : אָ, דיינע קינדער לעבען... דיינע אייגענע קינדער...

מיכאל : דו זאָגסט עס?

דאָרא : (די טרעהרען שטיקען איהרע ווערטער) ניט עלענד ביסטו געווען.
איך בין שטענדיג הינטער דיין טיר געווען. און ווען די
קינדער זענען נאָך קליין געווען, פלעג איך זיי מיט זיך
מיטנעהמען... „וואו איז פּאַפּאַ?" האָבען זיי געפרעפעלט,
און איך האָב זיי אויף דיין טיר אָנגעוויזען.

מיכאל : (נעהמט איהר פאַר'ן האַנד) קום מיט מיר, דאָראַ... קום מיט
מיר אַהין... איך וויל דיר מיינע צוואַנציג יאָהר בע-

חײַזען (ער עפֿענט אויף די טיר וואָס אין הינטערגרונד . עס בעווײַזט זיך אַ גרויסער אַטעליע . מאַסען לײַוועגדען מיט אָנגעפּאַנגענע בילדער טײַל פֿערענדיגטע)

דאָרא : (זי פֿערדעקט דאָס געזיכט) נײַן , איצטער ניט . איצטער געה איך ניט .

מיכאַל : (ער אומאַרעמט זי) דאָרא, איך וויל, דו זאָלסט צו מיר אַרײַנגעהן .

דאָרא : (זי האַלט דאָס געזיכט פֿערשטעלט , מיט דער גרעסטער אויפרעגונג) מיכאַל : הײַנט האָב איך צו דיר אָנגעקלאַפּט . . . איך האָב דיך אַרויסגערופען — ביסט דאָך אײַנמאָל צו מיר אַרויסגעקומען — פֿערשליס דײַן טיר !

מיכאַל : (ער פֿערשליסט זײַן טיר) ווי שרעקליך דײַנע ווערטער זענען הײַנט ! (ער נעהמט אַראָב איהרע הענד פֿון איהר געזיכט) ווי אונערבאַרעמדיג זענען דײַנע לײַדען געווען ! . . ווען איך הויב איצטער אָן דאָס אַלץ צו איבערלעגען אין מײַן געדאַנק — איך האָב קײַן ווערטער ניט , דאָרא . . . זאָל איך פֿאַר דײַנע פֿיס פֿאַלען און בעטען בײַ דיר, דו זאָלסט מיר מײַן שווערע זינד פֿערגעבען — איך זעה אַזוי אויך דײַן שטאָלצען קאָפּ נישט אַרוים .

דאָרא : (איהר קאָפּ פֿאַלט אין אונמאַכט אויף זײַן ברוסט . זי קען מיט זיך ניט געוועלטיגען ; איהר שטימע קלינגט שוואַך) איך האָב געוואָלט אַלץ צו ענדע ברענגען . . . און צו אונזער צוואַנציגיאָהריגען יום=טוב דיר אַ מתנה ברענגען . . . מיר איז גוט, מיכאל . . . איצטער איז מיר גוט . . . דאָס גליק שטראָמט איבער מײַן האַרץ . כ'האָב הײַנט מיט וועמען דאָס גליק מײַנס זיך צוטײַלען . . . וואָס פֿעהלט מיר ? דו ביסט דאָך אַזוי נאָהענט צו מיר — ווי דאַן . . . נאָך גאָר אין די ערשטע צײַטען . (רעדט ווי אין חלום) מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל בעגעגענט אין מײַן פֿאָטערס גאָרטען , אין דעם יונגען פֿערפֿלאַנצטען פֿרוכטגאָרטען . . . איך האָב דיך געבעטען , דו זאָלסט מיר צום אָנדענקען , אין יענעם טאָג , אויסמאָלען דאָס בילד פֿון פֿלאַנצונג : ווי מען שטיצט אונטער

יונגע פערפלאַנצטע בוימלעך, דער ווינד זאָל זיי נישט ברעכען. האָסט עס מיר דאַן צוגעזאָגט, מיכאל, און האָסט עס ניט געטהון... נאָר דאָס בילד איז אַליין פון זיך געוואָרען. פון זיך אַליין. דער גאָרטען איז פאַר די צוואַנציג יאָהר אויסגעוואַקסען. גלייך און פרוכטבאַר איז יעדער בוים אין איהם... ווי דאַן, מיכאַל, ביסטו ווידער צו מיר געקומען... פאַר דיר האָב איך דעם גאַנצען זאָל אין גרינעם אויסגעפוצט... פאַר דיר... פאַר דיר... פאַר דיר...

מיכאל : דאָראַ...

דאָרא : יעדען טאָג געהט אויף די זון. האָסט עס געמערקט? דייַגע פענסטער קומען דאָך גלייך צום זונענאויפגאַנג אַרויס. אַלע פענסטער. די ערשטע שטראַהלען פון פריהמאָרגען קלאַפּען אין דייַנע שויבען... יעדען פריהמאָרגען קלאַפּען זיי אין דייַנע שויבען...

מיכאל : (זיין שטימע ציטערט) ליכטיגער מאַך מיר, דאָראַ.

דאָרא : (זי ריהרט זיך ניט פון אָרט. שעפּטשעט) ליכטיגער, ליכטיגער...

מיכאל : הייַנט וועסטו מיר מייַנע קינדער ווייַזען.

דאָרא : הייַנט וועל איך דיר אונזערע קינדער ווייַזען.

מיכאַל : ליכטיגער מאַך מיר, דאָראַ (בלייַבען אַ ווייַלע שווייַגענדיג).

דאָרא : (זי גלייַכט זיך אויס. פיהרט דורך איהר האַנד איבערן געזיכט, ווי זי וואָלט וועלען פון איהר בלאַס, צושטרייט געזיכט אַ שווערען חלום אָבּווישען. זי בעפרייַט זיך אינגאַנצען פון מיכאַל'ן. זי געהט צום לייַכטער, אין וועלכען ס'ברענען צוויי ליכט. זי נעהמט פון דאָרט איין אָנגעצונדענע ליכט און הויבט אָן מיט איהר פאַמעליך, טרוימעריש אָנצינדען די אַלע איבעריגע ליכט. וועהרענד זי טהוט עס, ווערט איהר געזיכט אַלץ ליכטיגער און ערהאַבענער. זי רעדט ווי פאַר זיך אַליין) איין ליכט נאָך דער אַנדערער וועל איך צינדען... ליכטיגער זאָל דיר זייַן...

מיכאל : (קוקט פון דער ווייַטען אָנגעשטרענגט צו יעדער בעוועגונג איהרער, ווי

עטוואָס אונגעוועהנליכעס וואָלט פאַר זײַנע אויגען פאַרגעקומען.) אַזוי וועסטו אַלע ליכט אָנצינדען...

דאָרא: (ווי פריהער. איהר שטימע קלינגט אונגעוועהנליך צאַרט.) אײן ליכט נאָך דער אַנדערער וועל איך אָנצינדען... אײן ליכט נאָך דער אַנדערער... אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער וועט ווערען... און דערנאָך וועל איך דעם הויכסטען זשיראַנדאָל אָנצינדען... איך וועל מיך אויף אַ שטוהל שטעלען, און דו וועסט מיך, דײַן קלײן קינד, שטיצען.

מיכאַל: (ער דערלאַנגט איהר אַ שטוהל און ער העלפט איהר זיך שטעלען אויף איהם. זי צינדט די ליכט אין זשיראַנדאָל, וועהרענד איהר לינקע האַנד איז אין זײַן רעכטער האַנד. מיכאַל פערוואונדערט) ווי ליכטיג ס'איז שוין אַרום! ס'האָבען דאָך קײנמאָל אין דעם זאַל נישט געברענט אַזוי פיעל ליכט.

דאָרא: איצטער וועל איך די מיטעלסטע ליכט אָנצינדען. די מיטעלסטע און די הויכסטע.

מיכאַל: דאָ האָבען דאָך קײנמאָל אַזוי פיעל ליכט נישט געברענט.

דאָרא: (שטעהענדיג אויפ'ן שטוהל, קוקט זי זיך אַרום) אײַנציגווײַז האָב איך דאָ אין יעדען ווינקעל די לײַכטער אויפגעהאַנגען.

מיכאַל: דאַכט מיר, אַז אַלע ליכט האָסטו שוין אָנגעצונדען.

דאָרא: און איבער דײַן טיר מערקסטו ניט?

מיכאַל: (איבעראַשט) אַך... ווען איז עס געשעהן?... דער שענסטער לײַכטער איבער מײַן טיר...

דאָרא: האָסט קײנמאָל ניט געשפירט, ווי איבער דײַן טיר האָט דאָס ליכט געברענט. האָב איך ניט געקענט צו דיר אינוועניג אַרײַנקומען, האָב איך אויסעווענדיג, איבער דײַן טיר, ליכט אָנגעצונדען. (זי שטעלט זיך אויף אַ שטוהל און צינדט אָן די ליכט איבער זײַן טיר) איצטער וועט ווידער איבער דײַן טיר ליכטיג זײַן... איצטער וועסטו אויף איהר אָרט שטעלען די ליכט, וואָס האָט אַלע איבעריגע אַרום אָנגעצונדען. (זי דערלאַנגט איהם די ליכט וואָס אין איהר האַנד, ער שטעלט זי אויף איהר אָרט. זי קוקט אַרום דעם זאַל, אויף דעם שטוהל

שטעהענדיג. איהר געזיכט האט יוגענדליך אויפגעבליהט.)

**מיכאל** : דארא, וואו זענען די צוואנציג יאהר פערשוואונדען געוואָרען?...

**דארא** : און ווי מיט צוואנציג יאהר צוריק וועל איך פון שטוהל אראבשפרינגען. (זי שפרינגט אראב און פאלט אין זיינע ארעמס. שווייגען א צייט)

**מיכאל** : (שטיל) ווי שען איז די יוגענד!

**דארא** : ווי שען איז אונזער יוגענד!.. (זי בעפרייט זיך פון איהם, רופט:) קינדער מיינע! קינדער מיינע!..
(די טיר אין הינטערגרונד, פון מיכאלס אטעליע, פראלט זיך אויף, און עס קומען פון דארט ארויס אין מאסקען-קאסטיומען עמא, פרידע, יוליאן און טילע.)

**עמא** : (געקליידט אין הימעל-בלויען זייד און אויף איהר, ארום, פינקלען שטערען. אויפ'ן קאפ א קרוין מיט א האלבע לבנה. זי פיהרט פאר'ן האנד פרידען.)

**פרידע** : (געקליידט אין אונשולד-ווייס. אויף איהרע הענד, אקסעל און קאפ שטעהען טויבען קלאר-ווייסע)

**יוליאן** : (אין וועכטער-קליידער. אין איין האנד א שטעקען, אין דער צווייטער א לאמטערן. זיין אויסזעהן שטאלץ און דרייסט. פיהרט פאר'ן האנד טילען)

**טילע** : (געקליידט הימעל-בלוי. וואס העכער צו די אקסלען צו, ווערט דער שטאף פון איהר קלייד אלץ העלער און העלער. זי טראגט אויפ'ן קאפ א ליכטיגע אנגעצונדענע זון, וועלכעווארפט שטראהלען אויף אלע זייטען.)

**דארא** : (שטעהט אן א זייט אונבעוועגליך)

**מיכאל** : (פערגאפט) קינדער מיינע! קינדער מיינע! פון מיין טיר זענט איהר ארויסגעקומען. ווי שען איהר זענט!

**עמא** : ווי שען ביסטו, אונזער פאטער...

**מיכאל** : (צו יוליאנען) און דו אין וועכטער-קליידער פון וואנען געהסטו?

יוליאן : איך קלייב זיך נאך איצטער אין וועג אריין.

מיכאל : און דו פרידע ביסט אויך דא?

פרידע : מיט אייערע קינדער וואקס איך איצטער.

מיכאל : (צו טילען) וואס טראגסטו אזעלכעס אויף דיין קאפ?

טילע : איך טראג די זון אויף מיין קאפ.

עמא : ציז דערקענסטו, פאטער, דיינע קינדער?

מיכאל : (פאסט אויס טרעהרען) איך דערקען איך, מיינע קינדער. הינטער מיינע פלייצעס זענט איהר אויסגעוואקסען... אייער פאטער האט זיין טרוים געזוכט אין איהר... שען זיי דיין מוטער ביסטו... ווי הארמאנירען זיי אלע איינ-איינעם!

יוליאן : וואס וועסטו זאגען דיין זוהן, אדער ער וועט פון דיין שטוב ארויסגעהן?

מיכאל : וואוהין, מיין קינד, געהסטו דען?

יוליאן : איך געה אלע פערשלאפענע טרוימער צום לעבען וועקען.

מיכאל : אלע טרוימער, אלע טרוימער... דיין פאטער...

עמא : אונזער פאטער האט די מוטער וואך געמאכט.

מיכאל : (צו עמען) וואוהין געהסטו, מיין קינד?

עמא : די נאכט איז גרויס; איך פיהר ארויס די לבנה מיט די שטערען, זיי זאלען די נאכט בעלויכטען.

מיכאל : (צו פרידען) און דו וואוהין געהסטו?

פרידע : ס'איז נאכט, אלע שלאפען — איך וועל פאר דעם פער-שלאפענעם לעבען דער טרוים פון בעגינען זיין.

מיכאל : (צו טילען) און דו מיין יונגסטע טאכטער?

טילע : איך טראג די זון אויף מיין קאפ.

מיכאל : ווער האט דיר די זון איבער דיין קאפ אנגעצונדען?

טילע : די מאמא האט זי מיר אויפ'ן קאפ אנגעצונדען.

**מיכאל**: (קושט מילען.)

**דארא**: (זי פראלט אויף די טיר לינקס) איצטער, קינדער אונזערע, נעהט דורך דער פרייער און ברייטער טיר!...
(עמא, דערנאך פרידע, נאך איהר יוליאן, צולעצט די קליינע מילע מארשעריערן ארויס דורך דער ברייט געעפענטער טיר.)

**מיכאל**: (ער קוקט מיט ברייט געעפענטע אויגען אין דער זייט, וואו זיינע קינדער ווערען פערשוואונדען. מורמעלט:) ווי גרויס זענען דיינע וואונדער... ווי גרויס זענען דיינע וואונדער...

**דארא**: (נעמט הערענדיג מיכאלס ווערטער, קוקט אין דער אפענער טיר אנגעשטרענגט. שרייט זיי נאך, איהרע קינדער:) מונטערער, מונטערער... די זון לעשט ניט אויס!...



פּרץ הירשביין.

# בײ׳ם ברעג.

אַ דראַמע אין דרײ אַקטען.

# פּערזאָנען:

שאול אשכנזי

פּאַאולאַ — זײַן צװײטע פרױ.

לעאָניד )
אידע ) — זײַנע קינדער פון דער ערשטער פרױ.

רחיל — פּאַאולאַ'ס טאָכטער פון דעם ערשטען מאַן.

יעקב לעװענשטיין

נאַלאַ

הױז מײדעל



# ערשטער אקט.

ביי שאול אשכנזי. א זומערוואוינונג ביים ברעג ים.

א גרויס צימער, צווייטע פענסטער און א גלעזערנע טיר אין הינ־טערגרונד. די טיר פיהרט אויף דער טעראסע ארויס, פון וועלכער עס זעהט זיך דער ים.

לינקס א טיר צום אלטען פארפאלק און נידעריגער א טיר, וואס פיהרט צו די טרעפ אויפ'ן אויבערשטיבעל און אויף דער גאס ארויס. רעכטס א טיר צו ליאליען און אידען. רעכטס, ביים וואנד, א פיאנא. לינקס, ביים וואנד, א דיוואן. אין מיטען צימער א טיש, איבער וועלכען ס'הענגט א לאמפ.

**שאול אשכנזי:** (זיצט אויף דער טעראסע אין שלאפראק; א ווייסע יארמאל־קע אויפ'ן קאפ, קוקט צום ים ארויס.)

**רחיל:** (קומט אראב פון אויבער־שטיבעל, אנגעטאן ווי צום שפאצירען געהן. בעמערקט דעם אלטען און וואגט איהם ניט צו שטערען, בלייבט ביי דער טיר שטעהן אין טיר.)

**שאול:** (בעמערקט זי) דאס ביסטו, רחיל?

**רחיל:** איך. כ'האב מיך איבערגעטאן, געוואלט שפאצירען געהן — און איצטער גלוסט זיך מיר שוין ניט.

שאול : און איך האָב געמיינט — ביסט מיט די קינדער געגאַנ־גען, וואו איז די מאַמאַ ?

רחיל : איז געווען מיט די קינדער ביים ברעג.

שאול : וואָרום געהסטו ניט ?

רחיל : מיר ווילט זיך בעסער אין דער היים בלייבען.

שאול : איך קוק, ווי רוהיג דער ים איז, — גאָר ניט ווי אין פריהלינג, און אין דרויסען איז אַזוי וואַרים, גאָר ניט ווי ביים ים.

רחיל : יאָ, דער ים איז איצטער זעהר רוהיג... ווען דער פּאַ־פּאַ וועט געהן, געה איך אויך.

שאול : ניין, מיין קינד, איך וועל שוין בלייבען אין שטוב. מיר וואונדערט נאָר, וואָס די קינדער האָבען זיך בעזונדער אָבגעטיילט.

רחיל : אין דעם בין איך אַליין שולדיג. זיי האָבען מיך גערופען און איך האָב זיך געמאַכט ניט הערענדיג, ווייל כ'האָב זיך נאָר־וואָס גענומען איבערקלייערען און האָב ניט גע־וואָלט, זיי זאָלען אויף מיר וואַרטען.

שאול : קיין בייז, ווען זיי וואָלטען אַ ביסעל וואַרטען; קיין בייז... (ער קוקט אַריין) דיין מוטער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ ליידיגגעהער און מיר איז שווער אויף אַנ'אָרט איינ־צוזיצען.

רחיל : מיינט איהר, אַז אין שטאָדט איז אָהן אייך אַנ'אונאָרדנונג?

שאול : גראָדע נישט. איך האָב מיך אויף ווענען צו פערלאָזען. (שמייכעלט) ס'איז אַ חרפּה צו דערצעהלען; איך שפּיר מיך דאָ ווי אַ פרעמדער.

רחיל : (אונרוהיג) אַך, ווען די מאַמאַ וואָלט עס הערען, וואָס איהר האָט איצטער געזאָגט.

שאול : האָסט מיך שלעכט פערשטאַנען. כ'האָב גאָר עפּיס אַנ־דערש געמיינט. ס'טהוט מיר באַנג, וואָס כ'האָב מיר ביז איצטער ניט אויסגעבויט קיין אייגענע זומער־וואוינונג;

זאָל מעהר זיין צוגעפּאַסט צו מײַן געשמאַק און חאַראַק־טער. דאָס האָב איך געמיינט.

**רחיל**: און איך האָב מיך ווי דערשראָקען.

**שאול**: (ער זעצט זיך אין אַ געפלאָכטענעם לעהנשטוהל) אָט, אפילו דער שטוהל איז אויך ווי פאַר קליינע קינדער געמאַכט.

**רחיל**: (זי שטעהט אין מיטען צימער פּערקלערט)

**שאול**: האָסט דאָך פון מיר געהערט; האָב איך דאָך דיר שוין ערקלערט און דו ביסט נאָך אַלץ אונרוהיג.

**רחיל**: איך פערשטעה אײַך זעהר גוט. גלויבט מיר, ווען איך זאָל מיך דאָ שפּירען פרעמד, וואָלט איך דעמזעלבען טאָג פון דאַנען אַוועקגעפאָהרען. פאַר דער וואָך צייט, וואָס כ'בין דאָ... האָב איך מיך געקענט איבערצייגען.

**שאול**: דײַן פאָטער האָב איך נישט געקענט, און מיר דוכט, אַז כ'קען נאָך דײַן מוטער אויך נישט ווי עס בעדאַרף צו זײַן; וואָרום, ווירקליך, וואָס קען מען זיך פאַר צוויי חדשים פון דעם אַנדערנס חאַראַקטער דערוויסען? און דערצו בין איך שוין אַריבער זעכציג יאָהר. איך האָב געמיינט מעהר פאַר מײַנע קינדער אַ מוטער צו געפינען איידער פאַר זיך... נאָר נישט דאָס, נישט דאָס... מיר וואָלט זיך זעהר וועלען, בײַ מיר אין שטוב זאָלען קיין בעזונדערע צוויי וועלטען נישט זײַן. פרידען וואָלט זיך וועלען, זאָל אין מײַן שטוב הערשען... איך האָב צו דײַן מוטער, חלילה, גאָרנישט. האָט זיך איהרע זי־טען — אדרבה, מיר געפעלט עס. זי ווייסט, ווער זי איז. און ווען דו ביסט אין דײַן מוטער געראָטען, געפעלט עס מיר אויך. מיט מײַנע קינדער קען מען אויסקומען. מען קען מיט זיי אויסקומען.

**רחיל**: וואָרום זאָגט איהר עס מיר?

**שאול**: סתם אַזוי. אָט, ביסטו אַליין אין שטוב געבליבען... כ'וואָלט וועלען טרעפען, אַז דיר בענקט זיך פון דאַנען אַוועקצופאָהרען... נו, נו שעם זיך נישט. כ'האָב נישט

געטראָפען? זאָל זײַן אַזוי, בין איך געװים צופרידען, און אַז יאָ — שאַדט אויך ניט; מען איז יונג, בענקט זיך.

רחיל : איהר ניט דעם אַלטען צו אַזוי פיעל װערט. בעסער קוקט ניט אויף דעם אַלטען... אויף מײַנע שטימונגען און בענקענישען.

שאול : ביסט בײַ מיר פערדעלענט פאַר אײַן אײגען קינד.

רחיל : אויף מיר האָט דער ים געמאַכט אַ שטאַרקען אײַנדרוק. און דערצו האַפּט זיך אַמאָל בענקען אויך אַ ביסעל... נאָר אַנ'אויג פערמאָגט איהר... — בעדאַרף איך אײַך מאַכען אַ קאָמפּלימענט.

שאול : נו, חעסטו אפשר געהן צו די קינדער?

רחיל : (טהוט אױס דעם הוט, לעגט אויפ'ן טיש און בלײַבט זיצען דאָרט) נײַן, איך װעל שוין הײַנט אין ערגעץ ניט געהן.

שאול : שטימונג איז זיך שטימונג און...

רחיל : (לאַכט זיך שטאַרק פונאַנדער, שלאָגט דעם אַלטען איבער)

שאול : אָט, אַזוי געפעלט מיר. אין דײַנע יאָהרען בין איך שטענדיג לוסטיג געװען. מײַן ליאַליע איז אַ ביסעל אין מיר געראָטען.

רחיל : (נעהמט איהם געאַרעמט) איהר װעט געהן מיט מיר שפּאַצירען? כ'װעל װאַרטען, ביז איהר װעט זיך איבערטאָן.

שאול : נײַן, איך װעל װאַרטען, ביז די מאַמאַ װעט קומען. איך װעל נאָר שיקען, די קינדער זאָלען אַהײַם קומען.

רחיל : אויב צוליעב מיר, בעדאַרף מען ניט. (זי טהוט אונרוהיג אָן איהר הוט, קושט דעם אַלטען די האַנד און געהט אַרױס)

שאול : (ער געהט צוריק אַרױס אויף דער טעראַסע)

רחיל : (זי קעהרט זיך אום צוריק און אונבעמערקט פון דעם אַלטען געהט זי אַרויף אויבען)

פּאַולאַ : (קומט אַרײַן) ביסט אין שטוב גאַנץ אַלײַן געבליבען. װען

איך וואָלט עס וויסען; כ׳וואָלט זיך אזוי לאנג ביים ברעג ניט געזאמט.

**שאול** : (ער קוקט ארײַן אין צימער) כ׳האָב ביז איצטער מיט רחיל׳ן פערבראַכט.

**פּאַאולא** : וואו איז זי דען?

**שאול** : נאָר-וואָס שפּאַצירען געגאַנגען. מיך וואונדערט, וואָס דו האָסט זי נישט בעגעגענט.

**פּאַאולא** : גאָר אַלײן איז זי געגאַנגען?

**שאול** : יאָ; זי האָלט זיך גאַנץ בעזונדער.

**פּאַאולא** : עס וואונדערט מיר. איך קען מײַן קינד זעהר גוט. אלענפאַלס בעדאַרף זי זיך דאָ ניט שלעכט פיהלען.

**שאול** : אפשר בענקט זי אהײם?

**פּאַאולא** : וואו איז דען איהר הײם? געבען מיר איז זי אויסגע-וואַקסען. און ווען זי איז געווען אין קאָנסערוואַטאָריום, בין איך אויך מעהר געבען איהר געווען.

**שאול** : אָט געהט זי אפילו צום קלאַוויר נישט צו. איך וואָלט וועלען, איהר זאָל גוט זײַן, איהר זאָל ניט זײַן אומעטיג.. וואָלט זי שפּילען אמאָל. כ׳קען מיט איהר וועגען דעם נישט רעדען. מיט מײַנע קינדער קען מען אויסקומען.

**פּאַאולא** : אויף אזוי פיעל זיך בעאונרוהיגען איז ניט כדאי. זי איז דאָך קײן קלײן קינד ניט. (זי קלינגט. אויפ׳ן שוועל בעווײַזט זיך דאָס הויז-מײדעל). וועסט טיי מאַכען.

**הויזמיידעל** : דער טיי איז שוין פאַרטיג (אָב).

**פּאַאולא** : (ציגדט אָן דעם לאָמפּ) ניט געוועהנט. די קינדער האָבען מיך געוואָלט אין שפּיעל נעהמען און איך האָב מורא געהאַט.

**שאול** : ווער איז דען געפאָהרען?

**פּאַאולא** : לעאָניד און אירע האָבען געוואָלט פאָהרען.

**שאול** : שטיפערס קינדער.

פּאַולא : וואוילע קינדער. כ'האָב צו זײַ גאָרניט.

שאול : (ער גײט צו צום פּיאַנאָ און בעוועגט די קלאַווישען אַזוי זיך)

הויזמיידעל : (ברענגט דעם זודינען סאַמאָוואַר, אָב)

פּאַולא : (פערבעהטט זיך מיט'ן טײ) און דו, שאול, ביסט הײַנט עפּיס אויך אומעטיגליך.

שאול : איך? פּאַרנאַכט, ס'איז דאָ אַ ביסעל צו שטיל. שפּעטער, נאָך אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, וועט דאָ טומעלדיגער ווערען. איך ליעב נישט די שטילקײַט פון קינדווײַז אָן.

לעאָניד )
אידע ) רײַסען זיך מיט ליאַרעם אַרײַן אין שטוב)

פּאַולא : אַט אַזוי, קינדער, מאַכט אַ ביסעל פריהליך דעם פּאַפּאַ; ער זאָגט, ס'איז איהם צו שטיל.

אידע : אָך, האָבען מיר זיך געשיפּט, פּאַפּאַ! ווען דו זאָלסט זעהן, ווי מיר האָבען זיך געשיפּט. די מאַמאַ האָט מורא געהאַט (צו פּאַולען) יאָ, אמת איהר האָט מורא געהאַט?

לעאָניד : די מאַמאַ מײנט, אַז ס'איז אַ געפאַהר אויפ'ן ים זיך צו שיפען. איך וואָלט דאָרט, אויף אײַער ווײַקסעל, יאָ מורא געהאַט זיך צו שיפען, אָבער אויפ'ן ים...

פּאַולא : געהט טרינקען טײ.

לעאָניד : וואו איז רחיל?

פּאַולא : איהר האָט בעדאַרפט רופען די יונגע לײַט טײ טרינקען.

שאול : ווער איז עס?

פּאַולא : וואוינען דאָ בײַם ברעג.

לעאָניד : רחיל איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען?

פּאַולא : ניט לאַנג.

אידע : (פאַנטאַזירט) פאָהרען אין אַ שיפעל אַזוי גאָר אײנער אַלײן... און לאָזען דאָס שיפעל שווימען וואוהין עס וויל — מוז

זײַן זעהר אינטערעסאַנט.

לעאַניד : (שנעלט אידען איבערן נאַז) דו ווייסט שוין אויך, וואָס עס איז אינטערעסאַנט?

אידע : (זי יאָגט נאָך לעאָניד׳ן) איך מוז אידם אָבגעבען... מײַן ניט, אז כ׳וועל דיך ניט האַפּען... אַזוי, דו קריכסט אויפ׳ן שטוהל... כ׳וועל דיך דאָרט אויך חאַפּען.

לעאַניד : מײַן נאָז צו שנעלען איז פערבאָטען.

אידע : פאַרוואָס?

לעאָניד : ווײַל איך בין אַ קלוגער און דו ביסט אַ נאַר. האָסט דען געזעהן, אַז אַ קלוגער זאָל זיך לאָזען איבערן נאָז שנעלען?

אידע : אויב אַזוי, מוזטו אידם שוין פון מיר בעקומען.

שאול : וואָס מאַכט איהר זיך נאַריש, קינדער?

אידע : טאָ זאָג איהם, ער זאָל זיך לאָזען אָבגעבען צוריק.

לעאָניד : און ווען ניט, וועסטו אָנהויבען וויינען?

אידע : זאָג, פּאַפּאַ, ליאָליען, ער זאָל זיך לאָזען אָבגעבען... איך וועל דיר ניט לאָזען אראָבקריכען פון דעם שטוהל אפילו ביז מאָרגען (שטעהט אויף דער וואך)

לעאָניד : דאָ איז גאָר ניט שלעכט; ווען עמיצער וואָלט מיר נאָך אַ גלאָז טיי דערלאַנגען.

שאול : שעם זיך, אַזאַ גרויסער בחור.

אידע : שעם זיך—אַזאַ גרויסער בחור און האָט פאַר מיר מורא.

לעאָניד : (ער נעהמט אָן אַ פּאָזע פון אַ רעדנער) אָט וועל איך באַלד נאָר האַלטען אַ רעדע דאָ אויפ׳ן שטוהל שטעהענדיג... געעהרטע דאַמען און הערען...

רחיל : (זי קומט אראָב פון אויבען. אַן׳אַלגעמיינער געלעכטער)

לעאָניד : (שפּרינגט אראָב פון שטוהל) איך האָב געוואָלט האַלטען אַ פּראָטעסט-רעדע און איהר האָט מיר איבערגעשלאָגען.

פּאַאולא : ביסט נאָר אין דער היים געווען ?

רחיל : יאָ. (צו לעאָניד'ן) געגען וועמען האָט איהר עס געוואָלט פּראָטעסטירען ?

לעאָניד : אָט געגען דעם קליינעם טייוועל (שנעלט איהר וויזער אין נאָז)

אידע : דאָס וועט איהם שוין ניט געשווינגען ווערען (זי לויפט צו רחיל'ן און ווייגט זיך פונאנדער, בעהאלטענדיג איהר קאָפּ אויף רחיל'ס האַנד)

שאול : פּע ! קלוג, קלוג — און דאָך זיך בענאַריש.

רחיל : קום מיר וועלען ביידע געהן איהם אָבגעבען.

אידע : (שיסט אויס מיט א קלינגענדיג געלעכטער)

לעאָניד : אדרבה, זאָגט, ווער איז דער נאָר און ווער דער קלוגער ?

אידע : רעדט ניט מיט איהם, רחיל. קומט לאָמיר זיך זעצען ביי יענעם זייט טיש, נעבען דער מאַמאַ.

פּאַאולא : דאָס געפעלט מיר שוין דוקא. טרינק טיי ; וועסט זיך שוין מיט איהם אָבּרעכענען אַן אַנדערש מאָל.

שאול : רחיל מוז נאָר הונגעריג זיין.

רחיל : דער פּאַפּאַ היט מיך אָב ווי א קליין קינד. איך שעם מיר ווירקליך.

שאול : ווייל דו ביסט ווי א קליין קינד. כ'זאָג עס דער מוטער אין די אויגען. פערשטעהסט מיך... איך האָב גערעכענט, דו ביסט געגאַנגען שפּאַצירען, און דו ביסט נאָר אויבען אַליין געזעסען... אז א יונגער מענש וויל זיך בעהאַלטען פון יענעם, טאָר מען איהם נישט שטערען, אָבער גוט אַזוי איז עס אויך נישט.

רחיל : נו, איך זאָג אייך צו, פּאַפּאַ, זיך אויפצופיהרען ווי אַמבעסטען. איך וועל זיך בעמיהען גוט צו זיין.

שאול : אויב מען בעדאַרף זיך בעמיהען, טויג נישט. איך בין א פּראָסטער מענש און דערצו נאָך מיט א גראָהען קאָפּ, וועסט דאָך אויף מיר קיין פּעריבעל נישט האָבען, ווען

איך זאָג דאָס, וואָס איך טראַכט...

לעאָניד : מיר דוכט, פּאַפּאַ, אַז דו בּיסט שוין צו ליעבּענסווירדיג.

שאול : ס׳איז זעהר מעגליך; דאַן וועל איך רחיל׳ן בּעטען, זי זאָל מיר ענטשולדיגען.

פּאַאולאַ : עס שאַדט ניט, עס שאַדט ניט...

אידע : (גיט רחיל׳ן פּלוצלונג אַ קלינגענדיגען קוש. דאָס רופט אַרויס אַ גרויס געלעכטער בּײַ אַלעמען)

אידע : (פערשעמט) וואָס לאַכט איהר פון מיר?

שאול : שטיפערקע דו...

לעווענשטיין) גאַלא ) (קומען אַרײַן, בּעגריסען זיך, שטעלען זיך פאַר פאַר די הויז-לײַט)

לעאָניד : וואו זענט איהר פערפאַלען געוואָרען? איך האָב אויף אײַך געוואַרט אַ לאַנגע צײַט בּײַם בּרעג.

אידע : מיר האָבען זיך געשיפט.

לעווענשטיין : בּיז פרײַלײַן גאַלאַ האָט זיך צונעקליבּען, איז שוין גע- וואָרען שפּעט. מיר האָבען געזעהן, ווי איהר זענט פון בּרעג אָבּגעשוואוכען.

גאַלא : איך האָב קײַן לוסט ניט געהאַט צום בּרעג געהן.

לעווענשטיין : קומט דער אָוועגד, ציהט אַהין וואו ס׳איז ליכטיג, פאַר די דרײַ וואַלען, וואָס איך וואוין דאָ, זענען געוועזען גאַר קאַלטע אָוועגדען און ס׳האָט זיך שטאַרק געבּענקט ערגעץ אין אַ וואַרימע שטוב אַרײַן.

פּאַאולאַ : שוין בּאַלד דרײַ וואָכען, אַז איהר וואוינט דאָ?

לעווענשטיין : פרײַלײַן גאַלא וואוינט דאָ שוין מעהר ווי אַ מאָנאַט.

פּאַאולאַ : איז אײַך ניט געווען קאַלט צום שלאָפען?

גאַלא : אָ-אָ, ווי נאָך קאַלט! כ׳בּין אײַן נאַכט אומגעגאַנגען אַנ׳- אָנגעטאָנענע. כ׳האָב אַלטע צײַטונגען געבּרענט און זיך געוואַרימט. חאַ-חאַ-חאַ... כ׳האָב דאָס שאַכטעל פון מײַן

הוט אויך פערבערענט.

**לעאָניד** : און איהר האָט זיך גוט אין פּאזשע אײַנגעשמירט? . . .

**גאלא** : פּאפּירען פײַער! (לאַכט) שאדע, וואס כ'האָב דאן קײן בײַ־
כער ניט געהאַט, כ'וואָלט זײַ ביז אײנעם פערבערענט.
(צו רחיל'ן) און איהר זענט שוין דאָ לאַנג?

**רחיל** : שוין באַלד אַ וואָך.

**לעווענשטיין** : געפעלט אײַך דער ים?

**גאלא** : וועמען געפעלט ער דען ניט?

**לעווענשטיין** : פּאַרהאַנען געװױנ מענשען, וואָס מערקען גאָר דעם ים
ניט. פאָהרען אַהער אַרוים בלויז דערפאַר, ווײַל אַנדע־
רע טהוען עס אויך.

**גאלא** : דאָס איז ניט ריכטיג. איך ווײס, אַז אויף מיר האָט דער
ים . . . יאָ — דער ים! . . .

**רחיל** : איך האָב דעם ים קענען געלערנט פון דער מאַלערײַ,
און דער געמאָלטער ים האָט אויף מיר אַ גאַנץ אַנדערן
אײַנדרוק געמאַכט.

**גאלא** : אויב איהר זענט דאָ בלויז אײן וואָך, האָט איהר נאָך
דעם ים ניט געזעהן שטורמענדיג.

**רחיל** : זעהט איהר, אין געגענטײל, מיט זײַן שווײַגען האָט ער
אויף מיר אַ גרויסען אײַנדרוק געמאַכט; איבערהויפט מיט
זײַן פערשלאָסענקײט. מיר דוכט, אַז ווען דער ים שווײַגט,
הײסט עס ניט, אַז ער איז רוהיג, אָבגעשוואַכט — נאָר
גלײַך ווי ער וואָלט זיך פערשלאָסען אַלײן אין זיך און
מיט זיך. (צו לעווענשטײנען) אויף אײַך מאַכט ער דען ניט
אַזאַ אײַנדרוק?

**לעווענשטיין** : איהר האָט דעם ריכטיגען אויסדרוק פאַר דעם בילד
געפונען.

**רחיל** : ווען איך בין אַ מאַלערין, וואָלט איך פאַרגעשטעלט דעם
ים אין זײַנע שטילסטע און רוהיגסטע מאָמענטען און
וואָלט אונטען אָנגעשריבען: „דער פערבאָרגענער שטורם".

לעאָניד : „דער ים", דאָס איז אַן׳אויסדרוק פאַר אײן מעלאַנכאָליש, שטורמדיגע ערשײַנונג. דערום אַנערקען איך איהם נאָר, ווען ער איז ווילד און שטורמדיג.

אידע : איך וואָלט אויסגעמאָלען דעם ים, ווען ער איז שטיל, גאָר שטיל, מיט ראָזיגע וואָלקענדליך איבערגעדעקט, און כ׳וואָלט אונטערגעשריבען „דער ים שלאָפט". (אַנ׳אַלגעמײנער געלעכטער) וואָס לאַכט איהר פון מיר? מיר געפעלט עס זעהר.

לעווענשטיין : מיר געפעלט עס אויך. „דער ים שלאָפט" — אַ גלענצענדע אידעע.

שאול : האָסט גאָר קײן פאַנטאַזיע נישט, אידע.

גאלא : זי האָט שוין אײנמאָל אַ פאַנטאַזיע.

לעאניד : און איך וואָלט אויסגעמאָלען דעם ים אין אַ גרויסען שטורם און בײַם ברעג וואָלט איך אַנידערגעזעצט אידען און אונטערן בילד וואָלט איך אָנגעשריבען: „דער ים רוישט און אידע שלאָפט". (געלעכטער)

אידע : (פערשעמט) דאָס שלאָפסט דו ווען דער ים רוישט, אָבער ניט איך. ווען דער ים רוישט, ליעג איך אויפ׳ן געלעגער מיט אָפענע אויגען און הער זיך צו.

שאול : דאָס איז מיר אַ גרויסער וואונדער (ער געהט אַרוים אויף דער טעראַסע און פערמאַכט די טיר הינטער זיך)

גאלא : (צו אידען) דער ברודער טרײַבט גאָר שפּאַס.

אידע : ער לאַכט שטענדיג פון מיר, גלײַך ווי ער וואָלט געווען קליגער פון מיר. (געהט צו רהויל׳ן) אַבי איהר לאַכט ניט פון מיר... אָט וועל איך אײַך באַלד דערשטיקען; איהר וועט זיך לאָזען?

גאלא : דער הערר אשכנזי איז אַוועק פאָעטיזירען.

לעאָניד : לאַכט ניט פון מײַן פאַפאַ. ער ליעבט די נאַטור ווי מיר יונגע. איהר וועט נאָך זעהן שפּעטער אַ ביסעל — וועט ער אונז וועקען צום זונענאויפגאַנג.

**גאלא** : ווירקליך ?

**רחיל** : איך האָב עס שוין געמערקט.

**פּאַאולאַ** : (געהט אַרויס צו שאול'ן אויף דער טעראַסע און פערמאַכט די טיר הינטער זיך)

(שטיל אַ ווײַלע.)

**גאלא** : די אַלטע זענען אוועק פּאָעטיזירען, און מיר יונגע האָבען זיך אויסגעזעצט אַרום הייסען „סאַמאָוואַר".

**לעוועשטיין** : איהר זענט דאָך אַ קינד פון היינטיגען דור.

**גאלא** : וואָס מיינט איהר מיט דעם צו זאָגען ?

**לעוועשטיין** : איך מיין צו זאָגען, אַז מענשען רייסען זיך און ווייסען אַליין ניט וואוהין — אָדער צום ברייטען, ברויזענדען ים אָדער גאָר צו אַ הייסען סאַמאָוואַר...

**גאלא** : אויב איהר מיינט עס מיך צו בעליידיגען, קען איך אייך זאָגען, אַז איהר ווייסט גאַנץ גוט, ווּעמען עס ציהט אין אַ וואַרימער שטוב אַריין.

**לעוועשטיין** : אַך, פרײַליין, איך קען נאָך אייך אַזוי ווייניג; מיר איז איבערהויפּט שווער וועגען אייך וועלכע ס'איז מיינונג צו זאָגען.

**רחיל** : איך גלויב, אַז לעוועשטיין האָט אייך ניט געמיינט דערמיט צו בעליידיגען.

**גאלא** : אָ, אויב לעוועשטיין זאָגט, אַז ער קען מיך נישט, וועל איך איהם גלויבען; אָבער איך איהם — קען זעהר גוט.

**לעוועשטיין** : איך מיין, אַז אונזער העפליכער שמועס איז דאָ פאַר קיינעם ניט אינטערעסאַנט.

**גאלא** : איך מיין, אַז ס'איז אינטערעסאַנט, קיין נאַרישקייטען רעדט איהר דאָך ניט. אַלענפאַלס ווילט איהר דאָך קיין נאַרישקייטען ניט זאָגען... און דאָך וועל איך מיר נאָך אַ גלאָז טיי נעהמען. (גיסט זיך אָן טיי. ס'הערשט אַן'אַנגענעה-

מעֶ שטיִלקייַט)

אידע : (צו לעֶווענשטייִנעֶן) איִהר זעֶנט אַ פּאָעֶט ? (עֶס רופט אַרויס אַנ׳אַלגעֶמייִנעֶם געֶלעֶכטעֶר. אידעֶ פעֶרשעֶמט זיִך און לויפט אַוועֶק צוטומעֶלט אויפ׳ן אויבעֶרשטיִבעֶל)

רחיל : וואוהיִן אַנטלויפסטו ? (געֶהט נאָך אידעֶן אויפ׳ן אויבעֶרשטיִבעֶל)

גאַלאַ : אַ פייַעֶרדיִג מיידעֶל !

לעֶווענשטיין : ווי פאַלט איִהר עֶס גאָר איין צו פרעֶגעֶן ?

גאַלאַ : ווייַל איִהר האָט איין אייסזעֶהן פון אַ פּאָעֶט .

לעֶווענשטיין : און דאָס געֶפעֶלט אייַך ניִט .

גאַלאַ : איִך האָב אייַך דאָך שוין געֶזאָגט מייַן מייִנונג . (צו לעֶאָניִד׳ן) איִהר האָט שוין גראַדעֶ ניִשט קיין אויסזעֶהן פון אַ פּאָעֶט .

לעֶאניד : איִהר האָט ניִט געֶטראָפעֶן .

גאַלאַ : (פּעֶראַזנטעֶריִסיִרט) אָבעֶר דאָס קעֶן ניִט געֶמאָלט זייַן .

לעֶווענשטיין : פאַרוואָס קעֶן עֶס ניִט געֶמאָלט זייַן ?

גאַלאַ : ווייַל און אייַך איִז אַזוי פיִעל לעֶבעֶן פאַרהאַנעֶן , ווייַל...
(פעֶרשעֶמט זיִך , וואַרפט אַנ׳אונצופריִדעֶנעֶם בליִק צו לעֶווענשטייִנעֶן)
אַך , ניִט דאָס האָב איִך געֶוואָלט זאָגעֶן... כ׳מיין, אַז דאָס איִז ניִט ריִכטיִג .

לעֶאָניד : אויב ס׳איִז אייַך אַזוי וויִכטיִג צו וויִסעֶן , וועֶל איִך אייַך אויסזאָגעֶן .

גאַלאַ : איִך מיין, אַז איִהר שרייַבט ניִט... זאָגט מיִר אויס...
(זי בעֶגעֶגעֶנט זיִך וויִדעֶר מיִט לעֶווענשטייִנס אונצופריִדעֶנעֶם בליִק)

לעֶאָניד : (מאַכט שפּאָס) נו , געֶוויִס שרייַב איִך .

גאַלאַ : דאָס איִז ניִט אמת , דאָס איִז ניִט אמת... און דעֶם יִם האָט איִהר ליִעב ?

לעֶאָניד : וואָס הייִסט אויף אייַעֶר שפּראַך „ליִעב האָבעֶן“ ?

לעֶווענשטיין : אויף זייעֶר שפּראַך ס׳הייסט „ליִעב האָבעֶן" אַזאַ זאַך

וואָס מען זאָל עס קענען שמירען אויף ברויט און עסען.

**גאלא** : (העפטיג) הערר לעווענשטיין, איהר ערלויבט זיך צו פיעל.

**לעווענשטיין** : (איראָניש) ביטע אום ענטשולדיגונג.

**גאלא** : ס'איז מיר אייער ענטשולדיגונג ניט וויכטיג. כ'פערלאַנג ניט,—איהר זאָלט מיין מיינונג ערקלערען — מיר איז עס ניט אנגענעהם.

**לעווענשטיין** : כ'האָב מיך איבערצייגט, אז אום צו זאָגען אַזוינס, וואָס זאָל אייך זיין אנגענעהם, איז זעהר שווער.

**גאלא** : אז איהר וועט ניט רעדען קיין נאַרישקייטען, וועל איך זיין צופריעדען.

**לעווענשטיין** : נאַרישקייטען... פי־פי, זאָגט ליעאָניד, האָב איך דען א פערברעכען בעגאַנגען, ווען כ'האָב געזאָגט, אז א גרויסער טייל מענשען האָבען ליעב דאָס קאָנקרעטע — אָדער בעסער געזאָגט: דאָס וואָס מען קען אויף ברויט שמירען, אָדער אין קעשענע אריינלעגען?

**גאלא** : יאָ, איהר זענט גערעכט. איהר זענט פון די מענשען, וואָס בלייבען אימער גערעכט.

**ליעאָניד** : איך מיין, אז אין דעם מאָמענט, וואָס א מענש רעדט אין דער הויך וועגען זיין ליעבע צו וועלכער ס'איז זאַך, האָט ער אין יענעם מאָמענט יענעם געגענשטאַנד אויפגעהערט צו ליעבען. ווערטער, ווען אפילו שענע ווערטער, זענען נאָך ניט קיין אויסדריק פאַר עכטע ליעבעס־געפיהלען.

**לעווענשטיין** : בראַוואָ, בראַוואָ! פאַר דעם האָב איך אייך ליעב. (דריקט איהם די האַנד)

**גאלא** : (איראָניש) אָפּענהערציג.

**לעווענשטיין** : געוויס אָפּענהערציג. מיר, מענער, זענען שטענדיג אָפּענהערציג. אָך, ווי גוט, אז מען קען אַמאָל אָפּענהערציג זיין! (גיט שנעל די האַנד) א גוטע נאַכט, לעאָניד. איהר וועט דאָך שוין, מסתמא, אָבפיהרען דאָס פרײַלײַן

אַהיִים , יאָ, פרײַליין נאַלאַ ? (גיעהט שנעל אַרויס . אַנ׳אונאַנגענעה־
מע שטילקייט)

נאלא : ווי אונטאַקטיש ! שטימונגס־מענשען . . . אָ , ווי איך האָס
זיי צײַטענווייז פון מײַן מיִעפסטען האַרצען !

לעאָניד : דאַכט זיך , מיר האָבען איהם מיט קיין זאַך ניט בעליי־
דיגט .

נאלא : ווי אינטאַקטיש ! . . . איהר קענט מיינען, אַז איך האָב דאָ
וועלכע ס׳איז שולד . . . יאָ , איך זעה , אַז אײַך פּיִער־
דריסט עס .

לעאָניד : אַ גאַנץ אונערוואַרטעטער סיורפּריז . איך וועל איהם געהן
צוריקרופען .

נאלא : געהט ניט, געהט ניט .

לעאָניד : אויף מיר האָט ער אַ גאַנץ גוטען אײַנדרוק געמאַכט .

נאלא : און מיר פערדריסט מײַן גאַנצע בעקאַנטשאַפט מיט איהם.
שוין דאָס צווייטע מאָל, אַז ער ערלויבט זיך אַזוי אין
מײַן געגענוואַרט . איך האָב זעהר ווייניג געדולד אויפצו־
פּאַסען יענעמס שטימונגען .

לעאָניד : אַזוי עגאָאיסטיש זענט איהר ? ס׳ווילט זיך מיר ניט גלויבען.

נאלא : אָ , איך בין נאָר אַ גרויסע עגאָאיסטין ; איהר קענט מיך
נאָך זעהר ווייניג . (פּלוצלונג) שטימט איהר מיט אײַער
שטיף־שוועסטער ?

לעאָניד : מיר זענען דאָך קיין קליינע קינדער ניט .

נאלא : מאַכט זעהר אַ גוטען אײַנדרוק . . . זי איז ראָך , אין גרונד,
אײַערע אַ ווילד־פּרעמדע .

לעאניד : אײַן אונערוואַרטעטע שוועסטער .

נאלא : יאָ , אַנ׳אונערוואַרטעטע שוועסטער . זענט איהר צופרידען
מיט דעם ?

לעאניד : אָ , דאָס איז מיר אַלץ איינס .

נאלא : זעהט אויס אַ בעהאַלטענער האַרזקטער . אַ יאָהר צוואַנ־

ציג מוז זי אַלט זײַן? ווי איך זעה, טראַכט איהר נאָך ווענען לעווענשטײַנען. נאַרישקײַטען, ער איז עס ניט ווערט... איהר זענט אַ זשענטעלמען; עס שטעהט אײַך ניט אָן. אײַך פּאַסט גאַנץ נאַטירליכער צו זײַן.

לעאניד : דאָס הײַסט פּרעכער, וואולגאַרער זײַן?

גאַלא : איהר האָט מיר זעהר שלעכט פערשטאַנען. כ'מײַן ווענינער צו זײַן אויסגערעכענט. מעהר מיט'ן האַרץ לעבען... זאָגט, איהר שרײַבט טאַקי?

לעאניד : (לאַכט זיך פונאַנדער)

גאַלא : איהר מעגט שרײַבען אויך. צי דען מוזען אַלע דיכטער לאַנגווײַליג זײַן? און דערצו איז דאָך לעווענשטײַן גאָר קײַן פּאָעט ניט. דאָס האָט איהם אײַער שוועסטער גע־וואָלט מיט אַזאַ נאָמען קרוינען.

לעאניד : וואָרום האָט איהר אַזוי וועניג מיט רחיל'ן פערבראַכט?

גאַלא : עפּיס קומט ניט אויס צו רעדען מיט איהר. איהר ווערט מערקען, אַז זי ענטפערט בלויז אויף דעם, וואָס מען פרעגט בײַ איהר, אָבער זי אַלײַן ווענדעט זיך גאַנץ זעל־טען מיט וועלכער ס'איז פראַגע. וואָס, ניט אַזוי? (קאָ־קעטיש) אָבער לידער שרײַבט איהר? איך וויל עס וויסען.

לעאניד : ווילט איהר עס וויסען?

גאַלא : איך געדענק ניט, וואו כ'האָב עס געלעזען, דוכט מיר בײַ בײַראָנען, אַז לידער הויבט מען אָן צו שרײַבען, אָדער אויס ליעבע, אָדער אויס נויט. כ'מײַן, אַז איהר שרײַבט דאָך ניט קײַן לידער אויס נויט.

לעאניד : איז געוויס אויס ליעבע?...

גאַלא : (לאַכט) כ'מאַך מיך נאַריש ווי אַ קלײַן קינד... אָבער אײַערע אויגען געפעלען מיר. ס'איז גאַנץ זעלטען צו טרעפען אַ שאַטען זאָל האָבען העל־בלויע אויגען... (געהט צו נעהנטער) אָבער עכט בלויע אויגען. דאָס איז זאָ־

גאַר אָריגינעל... רחיל מוז זײַן אין איהר פאָטער גע־ראָטען, ווײַל איהר מוטער איז אַ בלאָנדע פרוי... וואָס שמײכעלט איהר? וואָס כ'האָב זיך אַזוי צופלאַפּעלט וועגען שענע אויגען?..

לעאָניד : איך שמייכעל, וואָס ליעדער שרײַבט מען אויס ליבע — ס'הייבט, ווען מען איז פערליבט.

גאַלאַ : נו, געוויס שרײַבט מען דאַן ליעדער... אָבער זאָגט וואָס איז שענער פאַר שענע אויגען? איהר ווילט מיר ניט ענטפערן, וועל איך מיר גאָר צוקריגען מיט אײַך.

לעאָניד : און אַז איהר וועט זיך שוין מיט מיר צוקריגען?

גאַלאַ : וואָס וועט זײַן, אַז איך וועל זיך מיט אײַך צוקריגען?... זאָגט, האָט איהר חשק נאָך הײַנט אַרויסצופאָהרען אַ ביסעל, אין אַ שיפעל, אין ים אַרוים?...

לעאָניד : כ'מיין, ס'איז שוין צו שפּעט.

גאַלאַ : בײַ אײַך צו שפּעט?

לעאָניד : איהר קענט מיך שוין אַזוי גוט?

גאַלאַ : כ'מיין, אַז כ'קען אײַך זעהר גוט... מיר דוכט, אַז כ'קען אײַך זעהר גוט. מענשען מיט בלויע אויגען איז זעהר לײַכט צו דערקענען.

לעאָניד : און מיט שוואַרצע אויגען?

גאַלאַ : מיט שוואַרצע אויגען איז שוין עפּיס אַנדערש. ס'דאַכט זיך, אַז אין דער שוואַרצקײַט איז עפּיס פערבאָרגען, — וואָס ניט? דער גרעסטער טײל מערדער מוזען זײַן מיט שוואַרצע אויגען.

לעאָניד : קענט איהר מיך שוין גוט...

גאַלאַ : געוויס, אַז פּראָוויִנציִמער ווילען — דערקענען זיי אַ מענ־שען. איך געפין, אַז מענער פערטראָגען פיעל מעהר דער פּראָוויִנציִמער אײדער די פּראָוויִנציִמער די מענער... פּראָוויִ־ען טאָרען ניט זײַן אָפּענהערציג. דאָס איז זייער גאַנצע

קראַפּט, מיט וועלכער די נאַטור האָט זיי בעשענקט. נו, זאָגט, איז דען ניט אַ פרוי — כ'מיין, אַ פרוי אין פולען זינען פון דעם וואָרט — קיין בשופ'דיגער סוד פאַר אייך, מענער? נו, געוויס אַזוי! איך לייקען ניט אָב, אַז די פרויען זענען מערסטענטייל פיעל שוואַכער פון די מענער און דאָך ווערען די מענער מערסטייל בעזיעגט. דאָס איז בלויז דערפאַר, וואָס די פרויען זענען פאַר די מענער אַ געהיימניס... ניט פאַלש, נאָר געהיימניספאָל... דאָס איז אַ גרויסער אונטערשייד... נו, און געדיכטען קענט איהר שרייבען? (ביידע לאַכען) ווי געפעלט אייך מיין פילאָזאָפיע? ריין ווייבערשע פילאָזאָפיע... אָבער דאָך אמת... (קאָקעטיש) און איך קען אייך זעהר גוט. איך ווייס זאָגאַר, וועגען וואָס איהר טראַכט איצט...

לעאָניד : וועגען וואָס?

גאַלאַ : ניט וועגען וואָס, נאָר וועגען וועמען — און זאָגען וועל איך אייך ניט.

לעאָניד : ניט וועגען וואָס, נאָר וועגען וועמען... דאָס איז שוין איין אויפגאַבע.

גאַלאַ : אַז איהר וועט זיך אַזוי האַלטען, וועל איך אייך פיינט קריגען.

לעאָניד : איך פערשטעה ניט.

גאַלאַ : איהר רעדט אַזוי גרויסשטעדטיש, אָנגעצויגען — אייך פאַסט עס ניט. ביים ים טאָר מען מאַנירליך ניט זיין... איהר האָט זיך בעליידיגט? שוין דעם צווייטען מאָל, אַז איהר פערשטעהט מיך היינט זעהר שלעכט...

רחיל : (קומט אַראָב) זי שעמט זיך פאַר אייך, הערר לעווענשטיין. איהר מוזט זי אַליין געהן איבערבעטען... אַך, ער איז גאָר ניטאָ? ער איז אויף דער טעראַסע?

לעאָניד : ער איז אַוועקגעגאַנגען.

רחיל : אַוועקגעגאַנגען? מען האָט איהם גערופען? (בעמערקט די

אנגעצויגענע שטימונג. פלוצלונג צו גאלא'ן) נו, ווי פיהלט איהר זיך דא ביים ים?

**גאלא**: זעהר גוט. איך וואוין שוין דעם דריטען זומער אויף דעם ברעג.

(פויזע)

**רחיל**: וואס פאר א וואונדערליכעס קינד די אידע איז...

**גאלא**: איך וועל איהר געהן זאגען, אז ער איז שוין אוועק־געגאנגען.

**לענאיד**: זי קען נאך אנהויבען וויינען. איהר קענט זי ניט.

**גאלא**: און איהר, לעאניד, קענט אויך אנהויבען וויינען אין מיטען דערינען? איהר זענט דאך איהרער א ברודער? (קאקעטיש) איהר קענט אמאל וויינען? עך, כ'מאך מיך גאר נאריש. מיר זענען דאך שוין דערוואקסענע מענשען. וואס זאגט איהר, רחיל?... א, רחיל, ווי איך זעה, האט איהר ליעב צו שווייגען.

**רחיל**: דא רעדט מען גאנץ אנדערש. כ'האב מיך נאך די שפראך ניט אויסגעלערנט. דא האבען זיך אנדערע געפיהלען אנגעהויבען צו וועקען, פאר וועלכע כ'האב נאך קיין ווער־טער ניט. ס'איז ניט גוט, ווען מען רופט אן וועלכעס ס'איז געפיהל ניט ביי זיין נאמען.

(פויזע)

**גאלא**: לעאניד, פיהרט מיך אב אהיים. אדער לאמיר געהן שפא־צירען — איהר וועט געהן, רחיל?

**רחיל**: שטערט אייך ניט, שטערט אייך ניט. איך וועל בלייבען אין דער היים.

**גאלא**: קומט, לעאניד... מען קען מיינען, אז כ'האב מורא דא אליין ביינאכט אומצוגעהן אויפ'ן ברעג. אויב איהר ווילט ניט, לעאניד, קענט איהר בלייבען אין שטוב.

**לענאיד**: דאס וועט איהר שוין ביי מיר ניט פועלן. (ער געהט זיי געארעמט) נו, זייט א פרייליין!

גאלא : און איהר וועט זײַן אַ קאַוואַליער, יאָ? נו, גוט... צום ווידערזעהן, רחיל... גוט? (בײַדע אָב)

רחיל : (זי בלײַבט אַ ווײַלע שטײן בײַם טיר. ס'איז צו בגמערקן איהר לײַבטע אונרוהיגקײט. גײט צום פּיאַנאָ, זעצט זיך און נעהמט אײניגע אַקאָרדען.)

שאול ) פאַאולא) (עפענען די טיר פון דער טעראַסע. בעמערקען רחיל'ן, ווילען זײ איהר ניט שטערען. זײ גײען אַרײַן שטיל צו זיך אין צימער לינקס)

רחיל : (רופט שטיל, ניט אָבווענדענדיג דעם קאָפּ) מוטער?... (שפּיעלט)

אידע : (זי קומט אַראָב פון אויבען. בעמערקט רחיל'ן, גײט זי צו איהר אויף די שפּיצען פינגער, פער'גנב'עט זיך הינטעראַרום ווי אַ קאַץ, נעהמט אַרום רחיל'ן צאַרט אַרום האַלז און קושט זי לאַנג)

רחיל : (וועלכע האָט געשפּירט אידעס ערגעהנטערונג, נעהמט אַראָב פון איהר האַלז אידעס האַנד און קושט זי)

אידע : (שטיל) זײ זענען שוין אַוועקגעגאַנגען?

רחיל : יאָ, זײ זענען שוין אַוועקגעגאַנגען.

אידע : איך ליעב זײ ניט.

רחיל : וואָרום?

אידע : אַזוי, זײ געפעלען מיר ניט.

רחיל : און דײַן ברודער האָסטו ליעב?

אידע : איהם האָב איך זעהר ליעב. און איהר האָט איהם ליעב?

רחיל : וועמען?

אידע : מײַן ברודער, ליאָליען?

רחיל : (קושט אידען שטיל).

אידע : איצטער איז ער דאָך אײַערער אַ ברודער, יאָ?

רחיל : יאָ, איצטער איז ער מײַנער אַ ברודער.

אידע : און מעהר קיין ברידער האט איהר דאך ניט?

רחיל : ניין.

אידע : (פערקלערט) האבען מיר ביידע ניט מעהר ווי איין ברודער.

רחיל : קום לאמיר געהן ביידע איהם אויפזוכען, ער איז איצטער צום ים געגאנגען.

אידע : קומט לאמיר געהן.

רחיל : ניין, היינט וועל איך שוין ניט געהן.

אידע : קומט לאמיר איהם הינטעראום איבערשרעקען; מיר וועלען זיך שטיל פער'גנב'ענען.

רחיל : ער איז ערגיץ ווייט אוועקגעגאנגען און מיר וועלען איהם ניט קענען געפינען.

אידע : איך ווייס אלע זיינע ערטער.

רחיל : איצטער ווייסטו ניט. איצטער איז ער אויף א גאנץ אנדער ארט געגאנגען.

אידע : פון וואנען ווייסט איהר? מיר וועלען איהם געפינען.

רחיל : ווייסט ניט, ווייסט ניט, וואוהין ער איז געגאנגען. (זי נעהמט אידען צו זיך אויפ'ן האנד) ניין, דו ווייסט ניט, וואוהין ער איז געגאנגען.

אידע : איהר וועט מיך נעהמען היינט צו זיך שלאפען אויבען?

רחיל : איך וועל דיך נעהמען.

אידע : איך וועל אייך עפּיס דערצעהלען ביינאכט.

רחיל : דערצעהלען?

אידע : איך וועל אייך דערצעהלען, אז קיינער זאל ניט הערען.

רחיל : קיינער איז דאך ניטא; דערצעהל מיר איצטער.

אידע : איצטער... איצטער... (קוקט זיך ארום) איך האב אייך אזוי ליעב, אזוי ליעב... (נעהמט זי פעסט ארום שטיל)

לעאניד : (בעוויזט זיך אין טיר. בעמערקענדיג רחיל'ן און אידען, ציהט ער זיך

א ביסעל צוריק און בלייבט שטעהן אין טיר)

**אידע** : (הויבט אויף דעם קאפ און פרעגט שטיל) און מיין ברודער, ליאָליען, האָט איהר ליעב ? יאָ ? . . .

**רחיל** : (ניט ענטפערנדיג, ציהט אוים די הענד צום פיאנאָ און ווידערהאָלט די פריהערדיגע אקאָרדען . . . . . .)

לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג.



# צווייטער אקט.

דאס איינענע צימער ווי אין דעם ערשטען אקט.

ביינטאג.

**אידע** : (זי זיצט אויף דער ערד און ציהט אן אויף א שנירעל מעערקעפליך)

**פאאולא** : (קומט ארויס פון איהר צימער ; בעמערקט אידען) האסט דאך גע-קענט זיצען אויף דער זאפע ; אויב די זאפע איז פאר דיר קליין, האסטו דאך אמווענינגסטען געקענט עפים פער-שפרייטען אויף דער ערד.

**אידע** : א דאנקה מיר א גרויסע. נאר דערפאר וואס איהר זענט גערעכט, וועל איך אייך געבען א קוש. (וויל זיך שטעלען, נאר די מעערקעפליך שיטען זיך איהר אוים פון שירץ) בוינט זיך איין, מאמא, צו מיר, וועל איך...

**פאאולא** : (צופרידען קושט אידען) ביסט מיר אזוי ליעב, גלייך ווי איך וואלט דיך געבוירען, מיין קינד. יא, יא... (עם דריקען איהר די טרעהרען. זי געהט ארוים אויף דער טעראסע)

**אידע** : מוטער !...

**פאאולא** : האסט מיך גערופען ?

אידע : דאָס האָב איך געוואָלט אַזוי זיך אַ געשריי טאָן.

אידע : (אין אַ ווײַלע אַרום) מוטער! (פערדעקט דאָס געזיכט פאַר חרפּה)

פּאַאולא : אַזוי, שפּיעלסט זיך מיט מיר?

אידע : קוקט ניט, קוקט ניט, כ׳האָב זיך פערשעמט פאַר אײַך! קוקט ניט אויף מיר.

פּאַאולא : הער, מײַן קינד, כ׳וויל דיך עפּיס פרעגען...

אידע : טאַקי, כ׳האָב מיר פערשעמט פאַר אײַך, דאָס האָט זיך אַליין בײַ מיר פון מויל אַרויסגעשריען. כ׳וויל אײַך עפּיס זאָגען, נאָר כ׳האָב מורא, איהר וועט לאַכען פון מיר.

פּאַאולא : איך לאַך ניט פון דיר. אדרבה, דו געפעלסט מיר זעהר. כ׳האָב צו דיר גאָרניט. ביסט דאָך שוין ניט קיין קליין קינד. זעהסטו דען ניט, אַז איך בין צו דיר ווי אַ מאַמע?

אידע : איך רעד נאָך גאָר ווי אַ קליין קינד. מיר ווילט זיך שוין זיין אַ גרויסע, נאָר עס קומט עפּיס בײַ מיר ניט אַרויס. אמת, איך בין דאָך שוין דרײַצעהן יאָהר אַלט און כ׳זיץ נאָך אַלץ אויף דער ערד, און כ׳ווייס, אַז ס׳איז אפשר ניט שעהן אין מײַנע יאָהרען צו זיצען אויף דער ערד.

פּאַאולא : דאָס מאַכט גראַדע ניט אויס... האָסט דאָך געוואָלט מיר עפּיס דערצעהלען.

אידע : כ׳האָב מורא, אַז ווען איך וועל אײַך דערצעהלען, וועט איהר מיך שוין ניט ליעב האָבען אַזוי שטאַרק.

פּאַאולא : רעד ניט קיין נאַרישקייטען.

אידע : איהר ווייסט, אַז מײַן מאַמע קומט צו מיר אַלע נאַכט אין חלום? אַלע נאַכט

פּאַאולא : אַלע נאַכט...

אידע : ניט אַלע נאַכט, נאָר אַלע בענינען. זי קומט אַלע טאָג אין דערפּריה און וועקט מיך, איך זאָל שוין אויפשטעהן. אויב ניט — וואָלט איך שפּעט געשלאָפען. ווען זי האָט געלעבט, פלעגט זי אַזוי טאָן אַלע אין דערפריה: שטיל

איז זי צו מיר אין צימער אריינגעקומען, שטיל מיר א קוש געגעבען און אויפגעוועקט...

**פאַאולאַ**: פאַרוואָס האָסטו מורא געהאַט מיר צו דערציילען?

**אידע**: ווען איך שלאָף נאָך, קומט זי אַזוי שטיל און אַזוי שטיל זאָגט זי מיר אין אויער אַ סוד, איך זאָל שוין אויפשטעהן און זי קושט מיר אויפ'ן שטערן, כאַפּ איך זיך אויף... און אַז איך עפען אויף די אויגען, איז זי שוין ניטאָ.

**פאַאולאַ**: וואָס זאָגט זי דיר?

**אידע**: (שפרינגט אויף און פאַלט דער אַלמער אויפ'ן האַלז) זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל אייך ליעב האָבען... אַז איך זאָל אייך רופען מוטער... ווייסט איהר שוין, פאַרוואָס כ'האָב פריהער געשריען.

**פאַאולאַ**: (קושט זי הייס) איך בין דיין מוטער... איך בין דיין מוטער (אין אַ ווײַלע אַרום) זאָג מיר מיין קינד, וואוהין איז געגאַנגען רחיל?

**אידע**: זי איז געגאַנגען שפּאַצירען.

**פאַאולאַ**: אַליין.

**אידע**: אפשר אַליין; כ'ווייס ניט אַזוי גוט.

**פאַאולאַ**: זאָג מיר, מיין קינד, איך וויל...

**אידע**: (בעמערקט איהר אונרוהיגקייט) כ'ווייס ניט מיט וועמען זי איז געגאַנגען.

**פאַאולאַ**: דו זעהסט זי אַמאָל וויינענדיג?

**אידע**: איינמאָל האָט זי געוויינט, ווען איך בין געשלאָפען מיט איהר אויבען.

**פאַאולאַ**: האָט זי געוויינט?

**אידע**: איז זי געזעסען נעבען פענסטער און האָט געוויינט. איך האָב איהר ניט געוואָלט פרעגען, פאַרוואָס זי וויינט; אפשר האָט זי עס געבענקט אַהיים. איך וואָלט אפשר אויך געוויינט, ווען איך פאָהר אַוועק פון דער היים אין

אַ גאַנץ פרעמדער שטאָדט.

**פּאַולא**: וואָס רעדט זי מיט דיר?

**אידע**: זי מיט מיר? גאָרניט. מיר רעדען, אָבער פון גאָרניט. פון וואָס קען זי רעדען מיט מיר?

**פּאַולא**: (אויס טרעהרען) זאָל שוין זיין אַזוי... געווים איז עס מיר שוין אַזוי בעשערט... (געהט אונרוהיג אויף דער טעראַסע)

**אידע**: (אין פערלעגענהייט) זי רעדט מיט מיר אַמאָל, אַז דאָ איז זעהר גוט; אַז דער ים איז זעהר שען, זי געהט ביינאַכט אויך צום ים אַרוים. ווען מען שלאָפט, געהט זי צום ים אַרוים...

**פּאַולא**: פון וואַנען ווייסטו עס?

**אידע**: דעמאָלט ביינאַכט, ווען זי האָט געוויינט, איז זי שפּעטער צום ים אַרויסגעגאַנגען.

**פּאַולא**: (צו זיך אין צימער געהענדיג) מסתמא האָב איך אַזוי פערדיענט... מסתמא בין איך אַזוי ווערט...

**אידע**: (מעסט צום האַלז דעם שנור מעערקעפּליך) אַך, ווי לאַנג! איך וועל נאָך אָנציהען, אַז מען זאָל איהם קענען אין צווייען איבערוואַרפען אויפ'ן האַלז.

**פּאַולא**: (געהט אַרויס פון צימער מיט אַ טוך אויף די אַקסלען) דו וועסט דאָך, אידע, זיין אין שטוב; איך וועל זיך אַ ביסעל דורכגעהן, און טאָמער קומט רחיל...

**אידע**: איך וועל איהר ניט דערצעהלען פון דעם, וואָס מיר האָבען גערעדט.

**פּאַולא**: (שמייכעלט) ניט דאָס האָב איך געמיינט. טאָמער קומט רחיל, זאָלסטו איהר זאָגען, אַז איך בין אַ ביסעל צום ברעג געגאַנגען. (געהט אַרויס)

**לעווענשטיין**: (קומט אַריין, טראָגט אַ שטרויס בלומען)

**אידע**: (זי בעמערקט לעווענשטיינען. הויבט זיך פּלוצלונג אויף און לויפט אַרויס פון צימער)

לעווענשטיין : אידע, וואוהין לויפט איהר? (ער בּעקומט קיין ענטפער. שטעהט אַ ווײַלע פערוואונדערט; וויל אַוועקגעהן און בּלײַבּט דאָך. ער געפינט אַ בּלומען-קלאָש, גיסט איהם אָן מיט וואַסער, שטעלט אין איהם אַרײַן די בּלומען און טראָגט זיי אַרויף אויבען. אַראָבּגעהענדיג צוריק בּעגעגענט ער זיך מיט רחיל'ן, וועלכע קומט אָן פון גאַס-טיר. זי ציהט זיך עטוואָס צוריק, בּעמערקענדיג לעווענשטײַנען.)

רחיל : איהר זענט גאָר אַליין?... וואו איז אידע?

לעווענשטיין : אידע איז אַרויסגעלאָפען גלײַך ווי איך בּין אַרײַנגעקומען, און מיך דאָ אַליין געלאָזען.

רחיל : אַרויסגעלאָפען?

לעווענשטיין : יאָ, אַרויסגעלאָפען און מיר גאָרניט געזאָגט. גאַנץ אומפערשטענדליך.

רחיל : איז אַ קינד, וואָס לעבּט מיט איהר אייגענעם שכל; מסתמא איז עם איהר אַזוי געפעלען געווען.

לעווענשטיין : וואָס מיינט איהר מיט דעם?

רחיל : איך מיין גאָרניט. זי האָט זיך איהר אייגענעם פערשטאַנד. מסתמא האָט זי געהאַט וועלכע ס'איז סבּה אַוועקצוגעהן.

לעווענשטיין : כ'מיין... איך פערשטעה ניט... איהר זענט בּיים טיר געבּליבּען, פּונקט ווי איהר וואָלט מורא האָבּען אַרײַנצוגעהן. אָט, וועל איך אַרויסגעהן, וועט איהר קענען אַרײַנגעהן.

רחיל : (געהט האַסטיג אַרײַן און זעצט זיך בּיים פּיאַנאָ, צושטרייט)

לעווענשטיין : איך שטער אײַך?

רחיל : (שווײַגט)

לעווענשטיין : איך שטער אײַך, רחיל?

רחיל : איהר... צי בּעדאַרף מען דוקא אויף דעם ענטפערן?

לעווענשטיין : יאָ, איהר זענט גערעכט; נאָך וואָס פרעג איך דען? (וויל אַוועקגעהן)

רחיל : בּלײַבּט דאָ, יעקב, איהר שטערט מיר ניט.

לעווענשטיין : מיר דאַכט, אַז איך בעמיה מיך שוין צו פיעל איך ניט איינג צו מאַכען.

רחיל : (ניט אָבוועענדענדיג דעם קאָפּ צו איהם) איהר בעמיהט זיך ?... ס'איז גאַנץ איבעריג... בעמיהען זיך...

לעווענשטיין : איהר ערלויבט מיר דאָ צו בלייבען אַ ווײַלע ?

רחיל : אַך, וואָס פאַר אַ דומהייטען איהר רעדט. ס'איז דען מיין שטוב ?

לעווענשטיין : איז בלויז צוליעב דעם ערלויבט איהר מיר דאָ צו בלייבען ?

רחיל : (פלוצלונג) איהר האָט היינט געשפּאַצירט ביים ברעג ?

לעווענשטיין : (שווייגט)

רחיל : ווילט איהר מיר גאָר ניט ענטפערן ?... (נעהמט אינס־טינקטיוו אַקאָרדען ביים פּיאַנאָ זיצענדיג) ווילט איהר מיר גאָר ניט ענטפערן...

לעווענשטיין : ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, זענט איהר שוין ביים ברעג געווען ?

רחיל : (שווייגט)

לעווענשטיין : און איהר ווילט מיר אויך ניט ענטפערן ?

רחיל : (ווידערהאָלט די אַקאָרדען)

לעווענשטיין : דאָס איז אייער ענטפער ?

רחיל : (ענטפערט ניט. שפּיעלט)

לעווענשטיין : (ער פעראינטערעסירט זיך מיט'ן שפּיעלען, הערט זיך צו שטיל)

רחיל : (רייסט פלוצלונג איבער דאָס שפּיעלען) וואָרום שווייגט איהר, הערר לעווענשטיין ? אַך, וואָס פאַר אַ מענש איהר זענט... ווען איהר שווייגט, ווילט זיך, איהר זאָלט רעדען, און ווען איהר רעדט, ווילט זיך, איהר זאָלט שווייגען.

לעווענשטיין : (שמייכעלט) מיר דאַכט, אַז כ'האָב אַזאַ קאָמפּלימענט פון איך ניט פערדיענט.

רחיל : און איהר בעמיהט זיך צו פערדינען עטוואס בעסערס ?

לעווענשטיין : שפּיעלט בעסער.

רחיל : און איהר וועט הערען ?

לעווענשטיין : אייער שפּיעלען איז פאר מיר פיעל נעהנטער און פערשטענדליכער איידער אייערע ווערטער. אייער שפּראך איז פאר מיר פרעמד.

רחיל : ווײל מײן אקצענט איז א פּוילישער. אזוי רעדט מען בײ אונז; אלע רעדען אזוי בײ אונז...

לעווענשטיין : א, ניט אלע רעדען אזוי.

רחיל : געוויס, אלע אײנגעבוירענע אין פּוילען האבען אזא אויס־שפּראך.

לעווענשטיין : (לאכט)

רחיל : פארוואס לאכט איהר ?

לעווענשטיין : א, איך לאך גאר ניט. אויב בײ אײך וואלטען אלע רעדען אויף אזא ארט און אויב בײ אײך זענען אלע ווי איהר — כ'שטעל מיר פאר — וואס פאר א שטילקײט עס וואלט געהערשט אין אײער פּוילישער געגענד; און איך ווײס פונקט פערקעהרט, אז אין קײן שום געגענד רעדען ניט די יודען אזוי הויך און שרײענד ווי אין פּוילען... שפּיעלט בעסער. אײערע שטענדיגע אומעטיגע אקארדען זענען מיר פיעל פערשטענדליכער ווי אײערע ווערטער (געהט צו איהר) שפּיעלט בעסער.

רחיל : מײן שפּיעלען פערשטעהט איהר בעסער.

לעווענשטיין : מיר דוכט, אז איהר און אײערע אקארדען וואס איהר שפּיעלט איז אײנס און דאסזעלבע.

רחיל : און איהר פערשטעהט זײ זעהר גוט ?

לעווענשטיין : מיר דאכט, אז יא.

רחיל : לעגט זײ מיר איבער אויף ווערטער. נו, לעגט די אקאר־דען איבער אויף ווערטער. איך בעדארף זעהר נויטיג

פון זײַ די װערטער האָבען; די נשמה זײַערע זאָל זיך
אין די װערטער אויסדריקען. נו, שנעלער מאַכט עס
מיר...

לעװענשטיין: אַ שװערע אויפגאַבע.

רחיל: קענט איהר ניט... זעהט איהר, אפילו אזא קלײניגקײט
קענט איהר ניט — זערט איהר, די אַקאָרדען פערשטעהט
איהר אויך ניט.

לעװענשטיין: איך װעל זײַ באַלד פּרובען איבערשפּיעלען (שפּיעלט,
אָבער פאַלש)

רחיל: (זי לאָזט פאַלען דעם צודעק פון די קלאַװישען איהם אויף די פינגער)

לעװענשטיין: (דערשראָקט זיך און שרײַט אויס אינסטינקטיװ „אוי״) כ׳האָב
מיך װירקליך דערשראָקען; װאָס האָט איהר געטאָן?

רחיל: איך האָב געװאָלט אַ נאַטירליכען אויסגעשרײַ הערען.

לעװענשטיין: װאָס װײַטער װערט אַלץ מעהר אײַער נשמה פון מיר
אָבגעקעהרט... רחיל, זאָגט, צו װאָס טוט איהר עס?
נו, זאָגט... כ׳האָב זיך פריהער אויסגעדריקט, אַז כ׳בעמיה
מיך אײַך ניט צו שטערען; װירקליך איך בעמיה
מיך...

רחיל: (נעהמט איין אַקאָרד)

לעװענשטיין: דאָס איז אײַער ענטפער? אויב דאָס איז אײַער ענט-
פער בין איך צופרידען.

רחיל: ס׳איז װײַט קײן ענטפער ניט. דאָס איז בלויז אַ פראַגע,
מײַן פרײַנד.

(אַ דריקענדע שטילקײט)

לעװענשטיין: (שפּאַצירט אום איבערן צימער. שטעלט זיך בײַם טעראַסע און
קוקט צום ים)

רחיל: (אין אַ װײַלע אַרום) איהר האָט אַ הײם, הערר לעװענשטיין?

לעװענשטיין: (בלאַס) רחיל!

רחיל: (לאַכט) איהר פערשטעהט מיך נישט. אַך, װי שלעכט

איהר האָט מיך פערשטאַנען.

לעווענשטיין: וואָס מיינט איהר דען?

רחיל: איינפאַך, איך פרעג ציי איהר האָט אַ היים, עלטערן?...

לעווענשטיין: איך? אַ היים?.. ס'קלינגט מיר גאַנץ אונהאַרמאָניש.

רחיל: אונהאַרמאָניש... (פלוצלונג) דאָ ביים ברעג וואַקסען ניט קיין בוימער און ס'איז קיין איין פויגעל־נעסט ניט צו מערקען.

לעווענשטיין: איהר האָט ליעב בוימער מיט פויגעלשע נעסטען?

רחיל: זעהר ליעב... פאַרוואָס זעהט מען די מעווען קיינמאָל ניט אומגעהענדיג ביים ברעג?.. איהר ווייסט ניט, הערר לעווענשטיין?

לעווענשטיין: רחיל, איך האָב אייך בלומען געבראַכט.

רחיל: איך האָב לאַנג געוואַרט, איהר זאָלט מיר בלומען ברענגען.

לעווענשטיין: נאָר פון מיר האָט איהר עס ערוואַרטעט?

רחיל: נאָר פון אייך. כ'האָב פערשטאַנען, אַז איהר קענט בלויז בלומען ברענגען. ס'האָט מיך נאָר געוואונדערט, פאַרוואָס אַזוי לאַנג מיין מיינונג איז נאָך ניט פערווירקליכט געוואָרען.

לעווענשטיין: אַזוי פיעל קענט איהר מיך שוין?

רחיל: צי דען בעדאַרף מען פיעל קענען אַ מענשען, אום צו פערשטעהן, מיט וואָס ער קען דיר דיענען? אידע האָט געזאָגט, אַז איהר זענט אַ דיכטער, און זי האָט ניט איינגאַנצען געטראָפען... אָך, בלומען, בלומען... אַזוינע מענשען ווי איהר ליעבען זעהר בלומען... יאָ, הערר לעווענשטיין? איהר האָט דאָך מיר ניט דערצעהלט, צי איהר האָט אַ היים. —

לעווענשטיין: איך האָב אייך בלומען געבראַכט און איהר ווילט זיי פון מיר ניט צונעהמען.

רחיל: פאַרוואָס זאָל איך זיי ניט וועלען פון אייך צונעהמען?

אינגעגענטײַל. װער ס׳זאָל ניט געבען קײן בלומען, איז שען, און בפרט נאָך פון אײַך.

**לעװענשטײן**: איהר שפּאַסט.

**רחיל**: צי דען אַז מיר קענען זיך בײדע ניט צוזאַמענרעדען, הײַסט עס, אַז כ׳מאַך שפּאַס? אויב אַזוי האָב איך דאָך רעכט צו דענקען, אַז איהר מאַכט שפּאַס פון מיר. זאָגט, יעקב, צי דען איז ניט גלײַכער, װען צװײ מענשען שפּי־רען דײַטליך, אַז זײ רעדען בײדע ניט צו דער זאַך, אַז זײ קענען זיך בײדע גאָר ניט צוזאַמענרעדען? —

**לעװענשטײן**: איך מײן, אַז כ׳האָלט גראָדע געהאַט די מעגליכקײט מיט אײַך זיך צוזאַמענרעדען; מיר דאַכט, אַז אין אונזער שפּראַך זענען געװיס פאַרהאַנען די געמײנזאַמע אויסדרי־קען...

**רחיל**: (שלאָגט איהם איבער) אָ, נײן, נײן. איהר האָט אַ גרויסען טעות! איהר האָט מיר הײַנט אויף קײן זאַך נישט גע־ענטפערט. נאָר בלויז, װען כ׳האָב דעם צודעק פון פּיאַ־נאָ אויף אײַערע פינגער אַראָבגעלאָזען, האָט איהר צו דער זאַך געענטפערט.

**לעװענשטײן**: איהר זענט דאָך אויך אַזוי?

**רחיל**: יאָ, איך בין אויך אַזוי... איהר בעמיהט זיך מיך צו־פרידען צו שטעלען. יאָ, איהר האָט עס אפשר בעמ־מערקט...

**לעװענשטײן**: איהר האָט דאָך מיר געקענט זאָגען גלײַך, אַז איהר לײַדט מיך ניט און פערלאַנגט ניט, איך זאָל דאָ אין צימער בלײַבען —

**רחיל**: פערקעהרט. איהר מאַכט מיר נאָר פערגניגען, װען איהר קומט. זעהט איהר, אַז איך האָב אײַך געפרעגט, צי איהר האָט אַ הײם, האָט איהר ניט געענטפערט.

**לעװענשטײן**: איהר האָט עס געװאָלט ערנסט װיסען?

**רחיל** : נײן, איך האָב עס ניט געוואָלט וויסען. צו וואָס נוצט עס דען מיר? (געהט האַסטיג צו איהם, נעהמט זײן האַנד) אַך, ווי גוט איהר זענט, העררי לעווענשטײן! איהר זענט אונ־בעגרענצט גוט. קומט איך וועל אײך אויסלערנען די אַקאָרדען, וועלכע איהר האָט אַזוי ליעב...

**לעוועשטײן** (ער בעפרײט זײן האַנד און געהט צום זאָפע)

**רחיל** : איהר ווילט ניט? זײ געפעלען דאָך אײך. איהר האָט דאָך פריהער אַלײן געוואָלט זײ אויסשפּיעלען.

**לעווענשטײן** (שווײגט)

**רחיל** (געהט פּלוצלונג אַרויף צו זיך אויבען, לאָזענדיג איהם אַלײן)

**לעווענשטײן** (בלײבט זיצען אויף דער זאָפע, בעלײדיגט און פערוואונדערט)

**גאלא** (קומט אַרײן, בעמערקט לעווענשטײנען) יעקב? איהר זענט גאָר אַלײן?

**לעווענשטײן**: יאָ, פּאַסט אַלײן.

**גאלא** : וואָס זעהט מען עס אײך ניט די לעצטע צײט? איהר זענט ברוגז אויף מיר... איהר האָט דאָך אַזוי פיעל גערעדט וועגען אײער שטאַרקען אויסגעהאַלטענעם כאַראַק־טער — צום סוף לאָזט זיך אויס...

**לעווענשטײן**: ס'איז דען אײך אַ'אונטערשײד?

**גאלא** : מיר איז קײן אונטערשײד ניט.

**לעווענשטײן**: און מיר איז דאָס אויך ניט קײן אונטערשײד.

**גאלא** : איז דאָך געווים גוט. דאָס בעווײזט, אַז אַ מענש פער־שטעהט צו שעצען בלויז זײן אײגענע נאָז און ווײטער פון זײן נאָז בעמיהט ער זיך ניט צו זעהן.

**לעווענשטײן**: ווענינגער פון אַלץ איז עס שײך צו מיר.

**גאלא** : מעהר פון אַלץ איז עס עהנליך אויף אײך.

**לעווענשטײן**: ווען איך וואָלט, ווירקליך, זײן אַזוי ווי איהר רעכענט אויס, וואָלט איך איצטער מיט אײך קײן בעזונדערען שמוּ־עס ניט געמאַכט.

**גאלא** : פאַרוואָס?

לעווענשטיין: ווײַל איהר זענט עס ווערט. איהר האָט עס פער־דיענט.

נאַלא: (לאַכט) איך האָב פערדיענט... אַבי מײַן מוטער זאָגט, אַז כ'וועל אין לעבען קײנמאָל ניט קענען פערדיענען.

לעווענשטיין: יאָ, לאַכען קענט איהר זעהר גוט.

נאַלא: איז עס אַ חסרון?

לעווענשטיין: פערקעהרט, איך האַלט עס פאַר אַ גרויסע מעלה. אַז מען קען שען לאַכען, איז זעהר גוט. ערשטענס איז עס געזונד.

נאַלא: (איראָניש) זעהר געזונד, אמת? (לאַכט)

לעווענשטיין: פון זיך האָט איהר שוין געפּרובט אמאָל לאַכען?

נאַלא: אָ זעהר פיעל. איצטער לאַך איך אויך פון זיך אַליין. (לאַכט ווידער)

לעווענשטיין: אָבער צופיעל איז אומגעזונד.

נאַלא: צופיעל? איך פלעג קינדווײַז, אין דער היים, אַזוי פיעל לאַכען, אַז אַלע אין שטוב פלעגען פערשטאָפּען די אוי־ערן. מײַן פאַפּאַ פלעגט זאָגען, אַז צוליעב מײַן געלעכ־טער וועט ער נאָך אַמאָל טויב ווערען. הײַנט קען איך שוין ניט אַזוי קלינגענדיג לאַכען... איז גאָר קײנער אויסער אײַך אין שטוב ניטאָ? (לאַכט) עמיצער וועט אַרײַנקומען און מײנען, אַז מיר האָבען זיך אין אַ פרעמ־דער שטוב אַ ראַנדעוואו בּאַשטעלט.

לעווענשטיין: איהר זענט געקומען צו רחיל'ן?

נאַלא: איך? וואָס מאַכט עס דען אײַך אויס?

לעווענשטיין: כ'מײן, אויב צו איהר, קען איך אײַך זאָגען, וואו זי איז.

נאַלא: (לאַכט) איך דאַנק אײַך זעהר... איך בין גאָר צו אײַך געקומען. נו, זענט איהר שוין צופריעדען? אַך, לעווענ־שטיין, איהר זענט מיר עפּיס געוואָרען; אין גיכען וועט

שוין אויף אייך אָנהויבען וואַקסען גראָז.

לעווענשטיין: (מאַמערנד) ניין, מיין פריינד, דאָ האָט איהר שוין ניט געטראָפען. קיין גראָז וועט שוין דוקא אויף מיר ניט אַזוי גיך וואַקסען...

גאַלאַ: (לאַכט) ווייל, אַז איהר וועט וועלען שטאַרבען, וועט איהר זיך אין ים אַריינוואַרפען? אין ים זענען אויך פאַרהאַן גראָזען... אַזוינע לאַנגע נאַסע גראָזען, וועלכע פּלאָנ-טערן זיך געוויס אַיין אין די האָהר... איהר האָט גע-זעהן, ווי די פישער ריינינגען די נעצען פון די ים-גראָזען? האַ, איהר האָט געזעהן, לעווענשטיין?

לעווענשטיין: (לאַכט אײנגעהאַלטען)

גאַלאַ: (גיפטיג) איך מיין, אַז איהר וועט זיך שוין אין ים אַריין דוקא ניט וואַרפען. ניט אַזעלכע מענשען ווי איהר וואַרפען זיך אין ים אַריין. אַזעלכע מענשען ווי איהר זיינען באַשאַפען געוואָרען, אָהן אויפהער אומצוגעהן און אַבקומען אויף דער וועלט. אַליין ניט לעבען און ניט לאָזען דעם צווייטען לעבען. נו, זאָגט דעם אמת, איהר קענט ליידען, ווען איך לאַך?... איהר שווייגט?... געוויס פערטראָגט איהר עס ניט. אָ, איהר וועט זיך שוין אין ים אַריין ניט וואַרפען.

לעווענשטיין: איך האָב גאָר ניט געוואוסט, גאַלאַ, אַז איהר קענט אַזוי שען רעדען.

גאַלאַ: איהר האָט געמיינט, אַז כ'קען בלויז לאַכען? און דאָס איז אייך ניט געפעלען געווען, אמת? אָט, וועל איך אייך באַלד נאָך עפּיס זאָגען, וועט איהר מיך אפשר אָנ-הויבען ליעב צו קריגען.

לעווענשטיין: צו שעצען, אָבער ניט ליעב צו קריגען.

גאַלאַ: צו שעצען... און וויפיעל בעדאַרף איך האָבען, אַז איהר זאָלט מיך שעצען? זאָגט, וואָס בעדאַרף איך טאָן, אַז איהר זאָלט מיך צוהויבען שעצען?

לעווענשטיין: זעהר פיעל.

גאלא : (אויפגערעגט) ס'איז א ליגען! א, זעהר ווייניג בעדארפט איהר האבען, אז איהר זאלט אונז קענען שעצען. זעהר ווייניג. זאגט, ווארום געפעלט אייך ניט, ווען איך לאך? וויל אייך דאכט זיך אוים, אז כ'לאך פון אייך? יא. אבער ווען כ'זאל לאכען פון א צווייטען און צו אייך שמייכלען, זיס שמייכלען — וואלט איהר מיך שוין געשעצט — כ'מיין געליבט... ניין, כ'לאך ניט פון אייך (אויפגערעגט) כ'האב פון אייך ניט געלאכט...

לעווענשטיין: איהר געדענקט, פון אנהויב פריהלינג, דאן ביינאכט, ווען איהר האט אליין מורא געהאט אהיים צו געהן...

גאלא : (שלאגט איהם איבער) איך געדענק. אט, דאן ווען כ'האב אייך געבעטען, איהר זאלט מיך בעגלייטען. יא, איך געדענק...

לעווענשטיין: פארוואס האט איהר דאן אזוי ווייניג פילאזאפירט? ס'איז אייך פינסטער געווען צו געהן, האט איהר געבעטען, איך זאל אייך נעהמען געארעמט...

גאלא : איך געדענק, ווי דען? דאן האט איהר מיך געשעצט, זעהר געשעצט. איהר האט מיר דאן אייערע „וואנדערס-טרוימען" פארגעלעזען; איהר האט מיך דאן נאך מעהר ווי געשעצט. די „וואנדערס-טרוימען". זעהט איהר, איך געדענק זאגאר ווי זיי האבען זיך אנגעהויבען (לאכט) נו, זאגט, איהר שעצט מיך אדער ניין? זעהט איהר, איהר שטערט זיך אדער איהר ווילט מיר נישט זאגען דעם אמת. און איך וועל אייך אפען דעם אמת זאגען: איך שעץ אייך זעהר און זעהר... (לאכט)

לעווענשטיין: (העפטיג) דאס זאגט איהר א ליגען!

גאלא : (לאכט) איהר וואלט וועלען, ס'זאל זיין אנ'אמת?

לעווענשטיין: מיר איז אלץ אײנס — מײן מײנונג װעגען אײך װעל איך ניט בײטען.

גאלא : קײנמאָל ניט בײטען?

**לעווענשטיין**: מיין מיינונג וועגען אייך און וועגען נאך אזעלכע אין אייער גלייכען איז ביי מיר זעהר קלאר.

**נאלא**: (קען זיך נים איינהאלטען פון געלעכטער) ענטשולדיגט מיר, לעווענשטיין, כ'לאך ניט פון אייך. ניין, ניט פון אייך. כ'האב מיך גראדע איצטער אן עפיס דערמאהנט. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען. איהר ווילט?

**לעווענשטיין**: ניט נויטיג. אייער געלעכטער אהן אנ'ערקלערונג איז פיעל אינטערעסאנטער.

**נאלא**: (קאקעטיש) פיעל אינטערעסאנטער, זאגט איהר? און איך האב עס גאר קיינמאל ניט געוואוסט; קיינמאל ניט געוואוסט.

**לעווענשטיין**: איהר קאקעטירט זעהר שען.

**נאלא**: דער קאמפלימענט געפעלט מיר זעהר. אלע זאגען, אז איך קען ניט קאקעטירען, און איך האב שוין באלד אנגעהויבען צו גלויבען. ווען א פרויענצימער קען ניט קאקעטירען, איז זי גלייך צו א פויגעל מיט אונטערגעשוירענע פליגלען.

**לעווענשטיין**: שען אבגעשאצט.

**נאלא**: געפעלט אייך ניט די פערגלייכונג? נו, איז זי געגליכען צו טולפען, אסטריען, גיארגיניען און הריזאנטעמען — בלומען, וועלכע זענען אויסערליך שען, אבער דופטען ניט. א בלום, וועלכע דופטעט ניט, פון וויטען, איז ניט אנציהענד. הערר לעווענשטיין, איהר ליעבט געארגיניען?

**לעווענשטיין**: (קאלט) איך ליעב זיי זעהר. איך ליעב זיי דערפאר, וויל נאך אין שפעטען הערבסט בליהען זיי, ווען פון אלע אייערע קאקעטירענדע בלומען איז שוין קיין זכר ניט געבליבען. (מיט פאטאס) בלומען, וואס בליהען אין הערבסט — ווי קען מען זיי ניט ליעבען?...

**נאלא**: (מיט א געמאכטע ערנסטקייט) און איהר ליעבט דעם הערבסט מסתמא אויך זעהר שטארק?

**לעווענשטיין**: יא, איך ליעב דעם הערבסט אויך זעהר שטארק.

נאלא : און היינטיגען הערבסט וועט איהר נאך דאָ פערבלייבען?

לעווענשטיין : (ענטפערט ניט)

נאלא : (קאָקעטיש) לעווענשטיין, איהר וועט עס נאָר צו מיר קיין שמייכעל ניט געבען? אין מיטען זומער און אָסיענדיג געשטימט. אין מיטען זומער און אָסיענדיג געשטימט...

רחיל : (קומט אַראָב. זי טראָגט דעם בלומענשטרויס, וועלכען לעווענשטיין האָט אַרויפגעטראָגען אויבען. בעמערקענדיג נאַלען ווערט זי מונטערער.)
האַ, נאַלאַ, פאַרוואָס זעהט מען עס אייך ניט? כ'האָב פון וויטען אייער געלעכטער דערקענט. דאָס האָט לעווענשטיין אייך אַזוי לאַכענדיג געמאַכט? איהר זעהט, נאַלאַ, וואָס פאַר אַ בלומען ס'האָבען געוואַרט אויף אייך? (זי גיט דעם בלומענשטרויס נאַלען)

לעווענשטיין : (שטעהט פון וויטען ווי פערשטיינערט)

רחיל : זיי געפעלען אייך, נאַלאַ?

נאלא : (ענטציקט) די רויזען נאָר-וואָס פון צווייג געשניטען... (שמעקט די בלומען) וואָס פאַר אַ ווייארקען ריח לעווקאָי האָט! אמת, דער ריח פון לעווקאָי איז פיעל ענהליך צום ריח פון נעלקען, נאָר פיעל שטאַרקער?.. (קושט רחיל'ן) אָט, דאָס האָט איהר פון מיר... (בעמערקט לעווענשטיינס אונרוהיגקייט) לעווענשטיין, אייך געפעלען די בלומען? חאָטש איהר האָט פריהער געזאָגט, אַז איהר ליעבט ניט קיין קאָקעטירענדע בלומען — זאָגט, די בלומען געפעלען אייך?

לעווענשטיין : (איינגעהאַלטען) זיי געפעלען מיר זעהר.

נאלא : ווייל איהר האָט מיר דאַסמאָל דעם אמת געזאָגט, וועל איך... רחיל, איהר וועט מיר ערלויבען אוועקצושענקען אָט די רויטע רויז לעווענשטיינען?

רחיל : מיט'ן גרעסטען פערגניגען; זאָגאַר צוויי קענט איהר שענקען.

נאלא : אָט די רויז וועל איך אייך שענקען.

לעווענשטיין : (ענטפערט ניט, גייט ארוים אויף דער טעראסע)

גאלא : פארוואס ווילט איהר פון מיר קיין רויז ניט נעהמען? לעווענשטיין, איהר בעליידיגט מיך דערמיט.

רחיל : (שטעהט ביים פיאנא בלאס)

גאלא : (מערקט רחיל'ס צושטאנד) איהר ווילט ניט, רחיל, איך זאל איהם כון די בלומען געבען?

רחיל : מיט'ן גרעסטען פערגניגען; חאטש צוויי קענט איהר איהם געבען.

לעווענשטיין : (קעהרט זיך אום זעהר אויפגערעגט, שרייט אוים) ס'איז נאריש פון אייך, רחיל... איהר האט ניט דאס רעכט יענעמס געפיהלען צו טרעטען!.. ((ער נעהמט די רויז פון גאלאס האנד, צורייסט זי מיט א נערוועזע שנעלקייט און שלידערט זי צו רחילס פיס, שרייט) דאס זענען אייערע בלומען, רחיל!... (ער געהט האסטיג ארוים פון צימער. א לאנגע דריקענדע שטילקייט)

גאלא : (וועלכע איז די גאנצע צייט געשטאנען פערוואונדערט, לאכט זיך פלוצלונג פונאנדער) אט דאס הייבט מיר שוין אן צו געפעלען! כ'האב גאר ניט געוואוסט, אז לעווענשטיין איז פעהיג אויף אזא זאך. (זי קלייבט צונויף די בלעטליך פון דער צוריסענער רויז) אט וואס עס ווערט פון אייך, רויזען, ווען איהר פאלט אריין צו א נאר אין די הענד (שיט די בלעטליך אויף רחילס קאפ, ענטציקט:) ווי בלוטפלעקען זעהען אוים די רויטע בלעטליך צווישען אייערע שווארצע האר! זיבער ווי בלוט פלעקען...

רחיל : (שטעהט בלאס, ענטפערט ניט)

גאלא : איך האב זיך זעהר ליעב צו רייצען מיט אזעלכע לייט. בשעת זיי זענען אויפגערעגט, זענען זיי נאך ענליך צו א שטיקעל בעשעפעניש; נאר אז זיי ווערען סענטימענטאל, איז חאטש דינג פאר זיי א מאמע, זי זאל זיך פיעשטשען מיט זיי... איך האב פיינט סענטימענטאלע מענשען... — איהר האט זיך בעליידיגט פון זיינע ווערטער, רחיל?

רחיל : (ענטפערט ניט, זי געהט ארויס אויף דער טעראסע און קוקט אין רער ווײַטקײַט.)

נאלא : (בלײַבט נאך א ווײַלע שטעהן אויף איהר אָרט, ציהט אין זיך טיף דעם דופט פון די בלומען. רײַסט א בלום פון שטרויס און שפּילט צו איהר בלוזע אויפ'ן בוזעם) איך געה שוין אוועק, רחיל מײַן שטימונג הויבט מיר שוין אָן קאַליע צו ווערען.

לעאניד : (קומט אַרײַן גאָר זומערדיג — ווײַס אָנגעטאָן)

נאלא : איהר האָט געטראָפען ווען צו קומען; כ'האָב שוין גע-וואָלט אוועקגעהן.

לעאניד : רחיל איז עם דאָרט אויף דער טעראַסע?

נאלא : יאָ, רחיל.

לעאניד : אַזוי פיעל בלומען בײַ אײַך.

נאלא : איך וועל שוין אוועקגעהן; מיר איז דאָ געוואָרען עפּיס אומעטיג. קומט מיט מיר.

לעאניד : איך וועל באַלד געהן.

נאלא : (דערלאַנגט איהם די בלומען צום נאָז) ווי די בלומען דופטען, אמת? נו, וועט איהר געהן מיט מיר? קומט גאָר צו מיר אַהײַם. איהר וועט געהן? איהר זעהנט איצטער אַזוי שען, ליאָליאַ, אין דעם קאָסטיום... אײַך קלײדט זעהר די ווײַסע פּאַנאַמע (קושט איהם) מיר אַרט ניט, ווען רחיל וועט אפילו זעהן (שרײַט) אמת, רחיל?..

רחיל : (זי ווענדט אום איהר בלאַס געזיכט, קעהרט זיך באַלד אָב צוריק)

לעאָניד : מיר וועלען הײַנט בײַנאַכט אַרויספאָהרען אין ים אַרײַן; כ'האָב שוין א שיפער בעשטעלט.

גאלא : ווער נאָך וועט פאָהרען?

לעאָניד : אויב איהר ווילט קען איך רחיל'ן פאָרלעגען.

נאלא : (שנעל און אונערוואַרטעט פאַר זיך) ניין, ניין, קיינעם ניט... נאָר אויב איהר ווילט, קענט איהר זי מיטנעהמען... וואַרט איך אויף אײַך הײַנט אין אָוונד... בײַ זיך, איהר

הערט (געהט אַרויס)

לעאָניד : (ער זעצט זיך בײם פּיאַנאָ און הויבט אָן צו שפּילען עפּיס אַ מעג. לאַדיע)

רחיל : (קומט אַרײַן) איהר זענט שוין לאַנג געקומען, לעאָניד?

לעאָניד : עפּיס זענט איהר בלאַס, רחיל; בלאַס און אויפגערעגט.

רחיל : בלאַס און אויפגערעגט? ס׳קען זײַן.

(שטיל אַ װײַלע)

לעאָניד : װאו איז די מאַמאַ? אידע?

רחיל : אװעקגעגאַנגען.

לעאָניד : איהר װילט אפשר שפּילען, (בעפרײַט זײַן אָרט)

רחיל : נײן, איך װיל ניט שפּילען.

לעאָניד : (גאַנץ פּאָרזיכטיג) שפּילט װאָס, רחיל, װעל איך הערען. איהר שפּילט געװײס בלויז, װען קײנער איז אין שטוב ניטאָ; אָדער װען איך בין אין שטוב ניטאָ. זאָגט, אויב איהר װילט שפּילען, װעל איך אװעקגעהן.

רחיל : װאָס פאַר אַ נאַרישקײטען רעדט איהר... שפּילט איהר און איך װעל הערען.

לעאָניד : איהר װעט מײַן שפּילען ניט קענען הערען.

רחיל : פאַרװאָס מײנט איהר עס אַזוי? פערקעהרט, איך גלויב, אַז איהר זענט זעהר מוזיקאַליש.

לעאָניד : איהר קענט אויך זאָגען קאָמפּלימענטען? פאַר אײַך פּאַסט עס גאָרניט. פאַר אײַך פּאַסט נאָר ערנסט צו זײַן; אײַך פּאַסט שטענדיג דעם אמת צו זאָגען.

רחיל : איך דאַנק אײַך פאַר אײַער הויכער מײנונג איבער מיר. נאָר צי דען מײנט איהר, אַז אַ קאָמפּלימענט מוז זײַן ניט ערנסט, אָדער אַ ליגען? איך גלויב, אַז איהר זענט זעהר מוזיקאַליש. עס קען זײַן, אַז איהר קענט גאָרניט שפּילען; אָבער דאָס שליסט אײַך ניט אויס פון צו זײַן מוזיקאַליש... אָ, אַ צו הויכע מײנונג האָט איהר אי-

בער מיר.

לעאָניד: איהר האָט עס ניט אויסגערעכענט? איך וועגען אייך האָב זעהר אַ הויכע מיינונג. מיר דאכט, אַז אייך וואָלט איך קיינמאָל ניט געקענט בעלײדיגען. איך וואָלט קיינמאָל קיין דרייסט ניט געהאַט צו זאָגען עטוואָס פרעכעס פאַר אייך אין די אויגען.

רחיל: און איהר זענט דען פעהיג צו זאָגען אָדער צו טאָן אַזוינס איבערהויפּט?

לעאָניד: איך מיין, אַז אַ מענש, ווען ער בעזיצט ניט אין זיך אַ געוויסע מאָס פרעכהייט, איז איהם זעהר שווער צו לע־בען אויף דער וועלט. איינער נוצט אזא איינגעשאַפּט אוים דעם צווייטען צו בעלײדיגען און אַנ׳אַנדערער — בלויז זיך אַליין צו בעשיצען. נאָר אייך וואָלט איך ניט געקענט בעלײדיגען...

רחיל: (לאַכט נאאיוו) און איהר וואָלט געקענט ווען ס׳איז בע־לײדיגען (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ) ניין, לעאָניד, איהר קענט ניט.

לעאָניד: איך שפּיר מיך גאַנץ דרייסט... איהר שמייכעלט? גע־ווים, יעדער מאַנספּאַרשוין מוז בעזיצען דרייסטקייט — ניט צו לאָזען זיך טרעטען מיט די פים.

רחיל: און דעם צווייטען טרעטען?

לעאָניד: דאָס איז גלאַט אַ קליינליכע אַרבייט. דאָס איז אַ נאַרי־שע בעשעפּטיגונג. מענשען וואָס האָבען פערדיענט, אָדער דערוואַרט, מען זאָל זיי טרעטען מיט די פים, זע־נען קיין מענשען ניט. אַזעלכע בעשעפּעניששען מייד איך אוים.

רחיל: דאָס איז בלויז ווערטער; דאָס איז שען בלויז, ווען דאָס בלייבט אין דעם וואָרט (זי זעצט זיך אויף׳ן זאָפע) מען האָט מיר געזאָגט, אַז די רויטע רויזענבלעטער אויף מיינע שוואַרצע האָר זעהען אוים ווי בלוט־פלעקען, ס׳איז אמת?

לעאָניד : עס זעהט אוים, ווי אָבגעריסענע רויטע רויזענבלעטער אויף אַ שווארצען קאָפּ.

רחיל : (ווידערהאָלט טרוימעריש) ווי אָבגעריסענע רויטע רויזענבלע־טער אויף אַ שווארצען קאָפּ.

לעאָניד : (ער זעצט זיך נעבען רחיל'ן)

רחיל : (מיט אַנ'איינגעהאַלטענער אויפרעגונג) פון וואַנען האָט איהר גע־וואוסט, אַז כ'וויל איהר זאָלט זיך זעצען נעבען מיר?... איהר האָט פריהער געזאָגט, אַז איהר בעזיצט פרעכהייט... טהוט אוים דאָס ווייסע טיכעל פון קאָפּ. עס קליידט אייך גאָרנית. אָהן אַ היטעל איז בעסער... אָט אַזוי... דער קאָפּ איז דאָס שענסטע, וואָס אַ מענש פערמאָגט. און אַז מען פערמאָגט אַ שענעם קאָפּ, בעדאַרף מען איהם נית פערדעקען... אייך איז דאָ לאַנגווייליג נעבען מיר? טאָ וואָס האָט איהר זיך געזעצט נעבען מיר? איך האָב דאָך אייך נית געבעטען. איהר געדענקט, אַז איך האָב אייך נית געבעטען. איהר האָט עס אַליין געטאָן. פאַר־וואָס גערט איהר נית אַוועק? זעהט, איהר האָט נאָר־וואָס געזאָגט, אַז איהר בעזיצט פרעכהייט... יאָ, אפשר דרייסט זענט איהר, אָבער נישט פרעך... אייך קומט עס איצטער אוים זעהר פרעך אויפצוהויבען זיך און אַוועק־געהן? איהר ווילט עס מיר נית טאָן... לעאָניד, פאַר־וואָס שווייגט איהר? זאָגט איין וואָרט, יאָ, אָדער, ניין... זייט אויף אַ סעקונדע, אויף איין אויגענבליק, אַזוי פרעך צו מיר ווי צו אַנ'אַנדערן... נו, טהוט עס; וואָס זיצט איהר נעבען מיר? זאָגט, וואָס זיצט איהר איצטער נעבען מיר?... איהר קענט מיך נית בעליידיגען... (ביטער) אָ, איהר קענט מיך נית בעליידיגען.

לעאָניד : (ער ייל זיך אויפהויבען)

רחיל : (חאַפּט איהם פאַר ביידע הענד) אַך, ניין! געהט נית, געהט נית. איך האָב שפּאַס געטריבען, איך האָב בלויז שפּאַס געטריבען. כ'האָב נית געמיינט ערנסט... ליאָליא, מיך בעליידיגט אייער בעציהונג צו מיר. זייט ווּיסען, אַז

עס בעלײדיגט מיך . . .

לעאָניד : איהר אַלײן זענט אין דעם שולדיג .

רחיל : איך װאָלט װעלען זײן מיט עמיצען שולדיג , מיר זאָל אַזױ לאַנגװײליג ניט זײן .

לעאָניד : איהר זענט שולדיג מיט דעם , װאָס איהר רופט צו זיך אַרױס בלױז אַכטונג .

רחיל : (ביטער) בלױז אַכטונג . . . װי לאַנגװײליג ! . . . יאָ , אײַך איז דאָ שװער געבען מיר ? טהוט מיר די טובה — געהט אַװעק פון דאַנען . נו , כ׳בעט אײַך .

לעאָניד : איהר , רחיל , זענט פאַר מיר עפּיס אַ דונקעלער סוד . . . איך האָב פאַר אײַך ניט קײן מורא — נאָר מיר װילט זיך אײַך אױסמײַדען .

רחיל : אױסמײַדען ?

לעאָניד : צײַט איהר זענט געקומען אַהער . . . איהר האָט מיט זיך געבראַכט אַן׳אַטמאָספערע פון אַן׳אַנדער װעלט . מײַן מוטער איז זעהר אַ שטאָלצע געװען , דאָך איז זי מיר נאָהנט געװען . אַ מוטערליכע שטאָלצקײט איז זעהר שען . . . איך האָב עס געװאוסט װי אַבצושאַצען . . . נאָר איהר . . . — און װען איך הער אײַך איצטער רעדענדיג , דאַכט זיך מיר אױס , אַז דאָס רעדט גאָר אַ לץ , אָבער ניט איהר . . . אַלץ , װאָס קען זײַן , מאַכט אפשר חוזק פון אײַך אַלײן .

רחיל : איהר װילט , איך זאָל הײַנט אַװעקפאָהרען ?

לעאָניד : דאָס װענדט זיך אָן אײַך . איך האָב געזאָגט . . .

רחיל : (שפּאַצירט אום געהײמניספאָל , רופט פּלוצלונג :) ליאָליאַ ! . . .

לעאָניד : (בלײַבט אױף זײן אָרט זיצען) איהר װילט מיר עפּיס זאָגען ?

רחיל : (זי געהט צו איהם , נעהמט איהם פאַר בײדע הענד און קוקט איהם שטאַרק אין די אױגען) נײן , גאָרניט . כ׳װיל אײַך גאָרניט זאָגען .

לעאָניד : איך װיל אײַך װאָס זאָגען . . .

**רחיל** : נײן, נײן, מען בעדארף ניט.

**לעאָניד** : רחיל... וואָס איז מיט אײַך?

**רחיל** : (זי לאָזט זיך אַראָב נעבען איהם אויף דער זאָפע, בעהאלט איהר קאָפּ אויף זײַן אַקסעל. איהר גאַנצער ווּעזען ציטערט פאַר אינערליכען שטורם. זי הויבט אויף אַ ווײַלע איהר קאָפּ, רעדט שטיל, צושטרײַט:) איהר ווײסט, ליאָליאַ, איך האָב געהאַט אַ חבר, דאָס איז געוועזען מײַן פאָטער, איז ער געשטאָרבען. ער איז זעהר שטאָלץ געוועזען... איז ער געשטאָרבען... מען זאָגט, אַז איך בין אַ יתומה... מען זאָגט אַזוי... מען האָט מיך גערופען אין דער הײם „די שטאָלצע יתומה“... אמת, זעהר אינטערעסאַנט? געהט אום איבער דער וועלט אַ שטאָלצע יתומה... ס'זענען פאַראַן מענשען, וואָס קענען זעהר שען לאַכען — איהר ווײסט עס, ליאָליאַ?

**לעאָניד** : (ער קושט זי שטיל אויפ'ן קאָפּ)

**רחיל** : (שעפּטשעט) נײן, ליאָליאַ, נײן. לאָזט מיך. אַך, נײן, זײַט שטאָלצער. איך וויל, איהר זאָלט... אַך נײן, ניט דאָס האָב איך פון אײַך פערלאַנגט, ניט דאָס... (לאַכט שטיל) חאַ-חאַ-חאַ — „די שטאָלצע יתומה“ האָט מען מיך גערופען... (פלוצלונג) וואָס זענט איהר אַזוי בלאַס לעאָניד?... כ'האָב אײַך שמערצען פערשאַפט... דער נאָמען ל ע אָ נ י ד קלינגט אַזוי שען... נו, געוויס האָב איך קײן פאָטער ניט, יאָ... עס מאַכט אײַך שמערצען... (זי בעפרײַט זיך פון איהם און פערבאָרגט איהר קאָפּ אויפ'ן זאָפע)

(אַ צײַט שטיל)

**לעאָניד** : (בלאַס, אויפגערעגט. גלײַכט זיך אויס, טהוט אָן זײַן הוטעל און געהט אַרויס, ניט וואַרפענדיג זאָגאַר קײן בליק צו רחיל'ס זײַט.)

**רחיל** : (בלײַבט נאָך אַלײן אין איהר פריהערדיגער פּאָזע ווי פערגליווערט)

**אידע** : (קומט אַרײַן. זי טראָגט אַ לאַנגען שנור מיט מעערקעפּלעך אָנגעצויגען. זי בעמערקט רחיל'ן, פער'גנב'עט זי זיך צו איהר אויף די שפּיצען פינגער און וויל איהר אָנטאָן אויפ'ן האַלז דעם שנור)

(לאַנגזאַם פאַלט דער פאָרהאַנג)

# דריטער אקט.

ביים ים. א הויכער ברעג, שיטער בעוואקסען מיט גראז. סוף זומער. דער מזרח־הימעל איז גראה און עס פערנעהמט זיך אויף טאג. פון צייט צו צייט לויפט אן א כואליע צום ברעג. ס'הערט זיך א גערויש, ווען זי צושלאגט זיך צווישען די שטיינער, און באלד ווערט ווידער שטיל.

שאול פאולא און אידע (קומען אן.)

**פאולא**: ס'איז מיר שוין קאלט געווארען.

**שאול**: גענגען טאג האפט שטענדיג קיהלער די לופט. געוויס איז קאלט.

**פאולא**: כ'ווייס דען פון וואס ס'איז מיר קאלט? ס'איז מיר קאלט און ס'איז מיר הייס. א מאמעס הארץ פלאגט זיך. מיינסט געוויס, עס ציהט מיך זעהר צו זעהן, ווי די זון געהט אויף.

**אידע**: איהר בעדארפט נאר איינמאל זעהן, ווי די זון געהט אויף פון ים ארויס, וועט איהר שוין וועלען אלעמאל אויפשטעהן.

**שאול**: דו האסט שוין איצטער געמעגט שלאפען. א מיידעל פון

צוועלף יאָהר זאָל העלען נאָכטאָן אַלץ, וואָס די גרויסע טוען.

אידע : געבעטען האָסטו געוואָגט, אַז כ׳פיהר מיך אויף ווי אַ קליין קינד, און היינט זאָגסטו, אַז איך טהו נאָך די גרויסע.

שאול : איבּערהויפּט האָסטו שוין איצטער געמעגט שלאָפען און ניט נאָכגעהן, הערען וואָס יענער רעדט.

אידע : (האַלב וויינענדיג) איך הער זיך גאָר ניט צו וועגען וואָס מען רעדט.

שאול : רעדסט נאַרישקייטען.

פּאַאולא : זאָל זיין, שאול; זאָל זיין... מען זעהט זי ניט און מען הערט זי ניט.

שאול : דאַכט מיר, אַז דאָ האָבען זיי זיך בּעדאַרפט געפינען.

פּאַאולא : זעה, אידע, דאָס שפּיעל שטעהט ביים ברעג?

אידע : (זי לויפט אַראָב צום וואַסער און שרייט פון דאָרטען:) צוגעבונדען!

פּאַאולא : (וויינט) איך וועל עס ניט איבּערטראָגען, שאול, איך וועל עס ניט איבּערטראָגען. איך בּין דאָך אַ מאַמע און איך זאָל ניט וויסען, וואָס בּיי מיין איין און איינציג קינד אויפ׳ן הארצען איז... כ׳וועל עס ניט איבּערטראָגען.

שאול : בּערוהיג דיך, בּיסט נערוועז. אויף דיר האָט די וואוינונג ביים ים ניט גוט געווירקט.

פּאַאולא : אָך, דער ים... וואָס נעהט ער מיר דאָ אָן, דער ים? וואָס קריך איך דאָ אום אַזוי שפּעט? וואָס טהו איך דאָ? וועמען זוך איך דאָ? מיר איז שלעכט. זי האָט דאָך אָהן כּיר קיין מינוט ניט געקענט זיין. בּיי מיר אויף די הענד איז זי אויסגעוואַקסען. כ׳האָב זיך שטענדיג צוגעהערט צו איהר האַרץ ווי עס קלאַפּט און געוואוסט וואָס עס בּעדייט. דאָס איז אונערטרעגליך פאַר מיר...

שאול : ס׳איז גאַנץ נאַטירליך. קינדער מוזען דאָך אַמאָל זעלבּסט־שטענדיג ווערען.

**פּאַולאַ** : זעלבסטשטענדיג... צי דען וויל איך עס פון איהר רויבען? צי דען פערלאַנג איך פון איהר, זי זאָל מיר רעכנונג אָבגעבען פון אַלץ וואָס זי טהוט? צי דען בין איך אַזוי? זאָל איך נאָר אַ צופרידען פּנים איהרס זעהן, איז דאָך שוין פאַר מיר גענוג. איך פערטראָג ניט איהר'ע שווײַ- גענדיגע בליקען. זי מײַדט אוים מיר גלײַך אין די אויגען צו קוקען; גלײַך ווי זי זאָל מורא האָבען, איך זאָל אין איהרע אויגען ניט דערקענען וואָס בײַ איהר אין האַרצען איז... און טראַכטען טראַכט זי פון גאָר ניט קײַן פריעהליכעס. קײַנער וועט מיך שוין ניט איבער- רעדען.

**שאול** : (רופט) אידע! וואו ביסטו דאָרט?

**אידע** : (שרײַט) איך זיץ אין שיפעל!

**שאול** : יעדע זאַך האָט זיך איהר צײַט. איך געפין עס פאַר גאַנץ נאַטירליך.

**פּאַולא** : אָ, מיר איז עס שווער אויסצודריקען. מײַן געפיהל האָט מיך נאָך קײַנמאָל ניט אָבגענאַרט. (ווײַנט ווידער)

**שאול** : מיר געהען אַהײַם. זעהסטו, דאָס געפעלט מיר שוין גאָרניט פון דײַן זײַט, ווילסט בעגעגענען די זון מיט אַ פערוויינט פּנים. קום לאָמיר זיך חאָטש ניט פערשעמען פאַר די יונגע. (געהט זי געאָרעמט, רופט:) אידע! מיר געהען אַהײַם!...

**אידע** : (שרײַט פון שיפעל) איך וועל בלײַבען דאָ אַלײן, ביז די זון וועט אויפגעהן.

**שאול** : משוגע ביסטו? וואָס הײַסט, דו וועסט אַלײן בלײַבען?!..

**פּאַולא** : קום, מײַן קינד, אַהײַם. מיר איז קאַלט, כ'קען דאָ לענגער ניט בלײַבען.

**אידע** : (קומט אָן) בלײַבט דאָ, מאַמאַ, איך בעט אײַך. איך וועל אײַך נאָך מײַן טוך געבען, אײַך זאָל וואַרימער זײַן — בלײַבט דאָ (האַלב ווײנענדיג) איך בין שולדיג, אַז איהרווילט שלאָפען? איך האָב מיט רחיל'ן געקענט געהן.

שאול : זעהסטו דאָך, אַז רחיל האָט דיך גאָר ניט געוואָלט מיט־נעהמען.

אידע : איך וועל זיי אויפזוכען (רופט) ר—חיל! ר—חיל!

שאול : וואָס שרייסטו גלאַט אין דער וועלט אַריין?

פּאַולא : רוף, מיין קינד, נאָך אַמאָל — אפשר וועט זי דערהערען.

אידע : (רופט) רחיל! ליאָליאַ! רחיל!

שאול : זיי זענען גאָר אפשר אין דערהיים.

פּאַולא : עכּיס קען איך גאָר פון דעם אָרט ניט אָבטרעטען (זעצט זיך) ניין, איך וועל דאָ בלייבען, ביז די זון וועט אויפ־געהן.

שאול : דו מאַכסט זיך נאַריש; און דערצו קען איך דאָך פון דיר פערלאַנגען, דו זאָלסט ניט וויינען. כ'וועל דיר זאָ־גען דעם אמת: צו טרעהרען בין איך ניט געוועהנט. און כ'וואָלט דיך בעטען, מיך דערצו ניט צוגעוועהנען.

פּאַולא : איך געה אַהיים; איך געה אַהיים.

שאול : איך קען דאָ בלייבען מיט דיר, אויב דו ווילסט.

אידע : (שטיל) איך געה אויך אַהיים. קומט, מאַמאַ. איך געה אייך אַהיים. דאָס האָב איך נאָר אויף אַ געלעכטער גע־זאָגט, אַז כ'וועל דאָ בלייבען.

פּאַולא : (דעקט איין אידען) דעק זיך צו גוט, מיין קינד; ס'איז זעהר קאַלט געוואָרען אויף דער גאַס.

אידע : ס'איז גאָר ניט קאַלט.

שאול : איך קען דאָך בלייבען, אויב דו געפינסט עס דורכאויס פאַר נויטיג

פּאַולא : איך געה, איך געה... (געהט און קעהרט זיך יעדע ווייַלע אום הינטער זיך און הערט זיך צו, ביז זיי ווערען אינגאַנצען פערשוואונדען).

רחיל און לעווענשטיין (קומען אָן)

רחיל : איך האָב קלאָר געהערט אידעס קול.

**לעוועגשטיין** : זעהט איהר דאָך, אַז קיינער איז ניטאָ.

**רחיל** : (אונרוהיג) בעשטימט געהערט. וואָס קען זי דאָ טאָן אַזוי שפּעט? אַך, סאַראַ קינד דאָס איז... כ'האָב זיך אַזוי שטיל פון איהר אָבגעגנב'עט.

**לעוועגשטיין** : געווים; אייך האָט זיך נאָר אויסגעדאַכט, מען הערט קיינעם ניט.

**רחיל** : זעהט, לעוועגשטיין, דאָס שיפעל שטעהט דאָ אונטען?

**לעוועגשטיין** : (ער געהט אַראָב צום וואַסער)

**רחיל** : עס שטעהט דאָרט?

**לעוועגשטיין** : (פון דאָרט) ס'איז פאַרהאַן; נאָר צוגעשלאָסען צום קייט.

**רחיל** : און די רודערן?

**לעוועגשטיין** : צוגעשלאָסען צום שיפעל.

**רחיל** : (קוקט זיך אַרום אונרוהיג)

**לעוועגשטיין** : (קעהרט זיך צוריק) נאָך איין אַ האַלבע שטונדע וועט די זון אויפגעהן. זעהט איהר, ווי עס בייטען זיך די פאַרבען אויפ'ן האָריזאָנט? און דער ים, זעהט איהר, ווי ער וואָלט זיך דאָרט ביים האָריזאָנט אויסגעבויגען האַלבקיילעכדיג אַרויף און זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט'ן הימעל? ערשט ווען די זון וועט אויפגעהן, וועט איהר ריכטיג דערקענען, וואו איז הימעל און וואו איז וואַסער. (ענטציקט) מערקווירדיג, איהר האָט פיליייכט געמערקט; אין דעם מאָמענט, ווען די זון קלייבט זיך אַרוים פון וואַסער צום הימעל אַרויף, איז זי ווי צוזאַמענגעדריקט, פון איין זייט שמעלער — איהר האָט עס געמערקט?

**רחיל** : (צושטרייט) איך?...

**לעוועגשטיין** : ענטשולדיגט מיר; איך האָב פערגעסען, אַז איהר האָט פיינט, ווען מען בעוואונדערט די נאַטור אויפ'ן הויכען קול.

**רחיל** : פון וואַנען ווייסט איהר דען, אַז כ'ליעב ניט צו בעוואונ-

דערן די נאַטור אין דער הויך ?

לעווענשטיין : ווײַל כ'האָב קײנמאָל ניט געהערט אײַך רעדען וועגען דער נאַטור. אויסער אין דעם ערשטען אָווענד פון אונזער בעקאַנטשאַפט האָט איהר האַראַקטעריזירט דעם שטילען ים. איך געדענק זעהר אײַער פערגלײַך.

רחיל : וואָס האָב איך געזאָגט ?

לעווענשטיין : אַז ווען דער ים שווײַגט, מאַכט ער אַן אײַנדרוק, ווי ער וואָלט זיך פערשלאָפען אַלײן מיט זיך און אין זיך. יאָ, ריכטיג ?

רחיל : ריכטיג.

לעווענשטיין : זעהט, ווי האַראַקטעריסטיש : מען זאָל צוזאַמענרעכנען, וועט אויסקומען, אַז אויף מײַנע צוואַנציג ווערטער ענטפערט איהר מיט אײן וואָרט.

רחיל : וואָס בעווײַזט עס, צי איך רעד ווייניג, אָדער איהר רעדט צופיעל ?

לעווענשטיין : מיט קײנעם רעד איך ניט אַזוי פיעל ווי מיט אײַך. איהר ווײַסט, אַז נעבען אײַך קען איך די שטילקײַט ניט פערג[illegible] איהר ווײַסט, צײַטענווײַז בײַ מיר אין צימער רע[illegible] איך אַלײן מיט זיך. דאָס איז אַזוי די לעצטע צײַט געוואָרען. עס טרעפט צײַטענווײַז, אַז די שטילקײַט בײַ מיר אין צימער פערקערפערט זיך, בעקומט אַ פיזיאָגנאָמיע. און מיר ווילט זיך זי אַרויסטרײַבען פון מײַן שטוב. דאַן הויב איך אָן רעדען אַלײן צו זיך, — צוגיסט זי זיך, די שטילקײַט, אין אַלע ווינקעליך און ווערט פערשוואונדען; ווײַבאַלד נאָר אָבער איך ווער אַנטשוויגען, הויבט זי צוריק אָן אַרויסקריכען פון אַלע ווינקעליך און פילט אָן מײַן צימער... נאָר צו וואָס דערצעהל איך עס אײַך ? איך זעה, אַז אײַערע געדאַנקען מיט אײַערע געפיהלען זענען פון דאַנען ערגעץ גאַנץ ווײַט.

רחיל : יאָ, „אײַערע געדאַנקען, אײַערע געפיהלען"... זאָגט שוין : „און אײַער האַרץ"...

**לעווענשטיין:** יא, טאקי, און אייער הארץ. — נאר גאט אליין אפשר ווייסט, וואס אין אייער הארצען טהוט זיך; וואס אין אייער הארצען וועבט זיך.

**רחיל:** איהר ווילט וויסען וואס איצטער וועבט זיך אין מיין הארצען? איך וועל אייך דערצעהלען: איך וואלט וועלען דערקלערען די צווייטע העלפט פון א געשיכטע, וואס מיין ניאניע האט מיר קינדווייז אנגעהויבען צו דערצעהלען. די ערשטע העלפט האט זי מיר דערצעהלט און די צווייטע העלפט האט זי מיר צוגעזאגט, מיר דערצעהלען, ווען איך וועל גרויס ווערען — איז זי אבער געשטארבען איידער איך בין גרויס געווארען. אט אזוי האט זי מיר דערצעהלט — (פאלט ארײַן אין א קינדערשען טאן)... אויף איין זייט טייך איז א גרויסער וואלד געוואקסען, נעבען וועלכען ס'האט זיך זיין דארף ארויסגעזעהן; און אויפ'ן צווייטען זייט טייך האבען זיך גרינע לאנקעס געצויגען, צווישען וועלכע ס'האט א הייזעל ארויסגעקוקט — דארט איז איהר היים געוועזען. ער האט ביים ברעג וואלד זיין פאטערס שאף געפיטערט, און זי האט צווישען די גרינע לאנקעס איהר מוטערס גענז געפיטערט. ער האט שטענדיג אין הימעל געקוקט און האט אויף א הילצערן פייפערל עפיס א מעלאדיע אויסגעפייפט און זי האט אין דער ווייט קוקענדיג שטענדיג א מעלאדיע געזונגען. אהן ווערטער איז זיין מעלאדיע געוועזען און אהן ווערטער איז איהר ליעד געוועזען. נאר ער האט פערשטאנען, וואס איהר זינגען בעדייט, און זי האט געפיהלט, וואס זיין מעלאדיע בעדייט. און איינמאל, אליין ניט וויסענדיג פארוואס, האט זי צווישען די גרינע לאנקעס בלימעלעך געקליבען: הימעל-בלויע בלימעלעך, וואס ווינקען ארויס פון צווישען די גראזען: „פערגעס מיך ניט", „פערגעס מיך ניט"... פון די בלומען האט זי א קראנץ אויסגעפלאכטען. דעם קראנץ האט זי א ווייסער גאנז אויפ'ן האלז אנגעטאן, מיט א גראז צום האלז צוגעבונדען און די גאנז אין וואסער אריינגעטריבען. זי האט געוואלט, אז די גאנז

זאָל דעם טײַך אַריבערשווימען און איהר בלומענקראַנץ אויף דער צווייטער זײַט אַריבערברענגען . . . די גאַנז אָבער האָט זיך גלײַך מיט'ן שטראָם אַראָבגעלאָזען . . . גלײַך מיט'ן שטראָם איז זי געשוואומען, טראָגענדיג דעם הימעל-בלויען בלומענקראַנץ אויף איהר שניי-ווײַסען האַלז...

לעווענשטיין : און ווײַטער ?

רחיל : ווײַטער האָט זי מיר ניט דערצעהלט . זי איז געשטאָרבען . — אדרבה, בעקלערט אַליין, וואָס איז ווײַטער געווען מיט'ן בלומענקראַנץ . איהר וועט עס מיר מאָרגען דערצעהלען , גוט ? ווען נאָך די צווייטע העלפט פון דער געשיכטע וואָלט געווען . . . — גאַנץ אינטערעסאַנט , יאָ ?

לעווענשטיין : (פאַנטאַזירט) זעהר אַ שעהן בילד , ווי די ווײַסע גאַנז שווימט מיט'ן שטראָם און טראָגט אויפ'ן האַלז אַ הימעל-בלויען בלומענקראַנץ .

רחיל : געפעלט עס אײַך ?

לעווענשטיין : דערצעהלט נאָך עפּיס . . . וואָרום זיצט איהר ניט ? זעהט , די גאַנצע צײַט זיץ איך און איהר שטעהט . . . נו , דערצעהלט נאָך עפּיס .

רחיל : אָבער יענץ געפעלט אײַך דאָך זעהר, וואָס בעדאַרפט איהר דען נאָך ?

לעווענשטיין : (פלוצלונג) רחיל , איהר בעלייִדיגט מיך . . . ס'קען זײַן , אַז איהר אַליין פיהלט עס ניט .

רחיל : איהר האָט דאָך אַליין געזאָגט , אַז אײַך געפעלט וואָס כ'האָב אײַך נאַר-וואָס דערצעהלט — און אַז איהר וועט ביז מאָרגען דערקלערען די צווייטע העלפט . (פון ווײַטען הערט זיך אַ שטימע רופען : „לעווענשטיין , יע—קב !") איהר הערט , מען רופט אײַך . ווער רופט עס אײַך ?

לעווענשטיין : קומט איהר געהט ?

רחיל : איך בלײַב דאָ .

לעווענשטיין : איך קען דאָך אײַך אַליין ניט לאָזען (מען רופט ווידער :

לעווענשטיין !)

**רחיל** : נו, געהט, מען רופט דאך אייך.

**לעווענשטיין** : (ער איילט אין דער זייט, פון וואנען דאס רופען הערט זיך.)

**רחיל** : (זי נעהמט ארויס פון קעשענע א בינטעל שליסעלעך און געהט אראב צום ברעג. אין א ווײַלע ארום קעהרט זי זיך אום צוריק, טראגט די שליסעליך פון שיפעל. זי בעהאלט זיי אין גראז. קוקט אין דער ווייט-קייט צום מזרח-הימעל).

**לעאניד** : (קומט אן) רחיל! איהר זענט נאר אליין?

**רחיל** : ליאליא? איהר האט עס גערופען לעווענשטיינען?

**לעאניד** : איך. ער איז דא געווען?

**רחיל** : ער איז דא געווען.

**לעאניד** : און וועלכער זייט איז ער אוועקגעגאנגען?

**רחיל** : איהר זענט אויפגערעגט, ליאליא?

**לעאניד** : ס'איז זעהר מעגליך.

**רחיל** : דאס האט איהר איהם גערופען און איך האב אייער קול ניט דערקענט.

**לעאניד** : יא, איך האב גערופען.

**רחיל** : איהר זענט אויפגערעגט, לעאניד; אייך פאסט ניט צו זיין אויפגערעגט. דעריבער האב איך אייער שטימע ניט דער-קענט. אידע איז דא געווען. כ'האב געהערט פון ווייַ-טען, זי האט מיך גערופען... איהר זענט אויך געקו-מען זעהן, ווי די זון געהט אויף? (לאכט מיט א שטילען איינ-געהאלטענעם געלעכטער) כ'מיין, אז די זון וועט גאר היינט ניט אויפגעהן... זעצט זיך נעבען מיר, לעאניד, זעצט זיך און מיר וועלען אין דער ווייטקייט קוקען... אט אזוי. איצטער גיט מיר אייער קאפ, לעאניד... אט אזוי... און איצטער דערצעהלט מיר, וואס איהר זענט אזוי אויפגערעגט. ניין? איהר וועט מיר ניט דערצעה-לען... (מיט א קינדערשען טאן) א פויגעלע איז אמאל אין

וואלד אויף א צווייַגעלע געזעסען און דער ווינד האט דאס צווייַגעלע געווינגט, איז דאס פויגעלע איינגעשלאפען... האט עס דעם פויגעלע א חלום געחלומ'ט: אין וואלד איז אנ'אלטער האלץ-העקער געקומען און טראגט א גרויסען, גרויסען האק — און די האנד פון האק איז א לאנגע, א לאנגע!... האט זיך דער העקער מיט זיין גאנצען כח פערמאסטען און מיט'ן האק איבערן בוים דערלאנגט. דער האק האט זיך אזוי שטארק אין דעם בוים איינגעשניטען, אז דער העקער האט איהם צוריק פון דעם בוים ניט געקענט ארויסנעהמען... ער האט מיט אלע כחות דעם האק געצויגען, געוואלט פון דעם בוים ארויסנעהמען, נאר די האנד פון האק האט זיך אבגעבראכען און דער האק איז אין בוים געבליבען. דאס פויגעלע האט זיך פאר שרעק פון שלאף אויפגעכאפט....

**לעאניד:** (ער הויבט אויף דעם קאפ און קוקט פערדעכטיג רחיל'ן אין די אויגען אריין).

**רחיל:** וואס קוקט איהר מיך אזוי אן? איהר דערקענט מיך ניט?

**לעאניד:** איך דערקען אייך ניט.

**רחיל:** לעווענשטיינען האב איך בלויז איין העלפט פון א געשיכטע דערצעהלט און די צווייטע העלפט האב איך איהם געהייסען אליין בעקלערען און אייך, זעהט איהר, האב איך איינגאנצען דערצעהלט. איהם האב איך עטוואס אנדערש דערצעהלט און אייך גאנץ אנדערש... וואס קוקט איהר מיך אזוי פערוואונדערט אן? ווירקליך, איהר דערקענט מיך ניט?... אט הערט בעסער... (דערצעהלט ווי פריהער) א וואנדערער אין וועג איז אמאל שטארק מיעד געווארען, האט ער זיך ביים זייט וועג, אונטער א בוים, רוהען געזעצט. ווען ער האט זיך שוין אויסגערוהט און געוואלט זיך ווייטער אין וועג אריין לאזען, האט ער בעמערקט, אז אין דעם בוים, אונטער וועלכען ער האט גערוהט, איז אנ'אויסגעהוילטער ארט פארהאן. „אט וועל

איך אַ צייכען לאָזען, אַז איך האָב אויף דעם אָרט אַמאָל גערוהט״, — טראַכט זיך דער וואַנדערער. האָט ער גע־נומען אַ שטיין פון וועג און האָט אין דעם בוים אריינ־געלעגט און איז זיך ווייטער זיין וועג געגאַנגען. דער בוים אָבער האָט מיט דער צייט טריקענען אָנגעהויבען, ביז ער איז אינגאַנצען פערטריקענט געוואָרען... און מענשען, וועלכע געהען פאַרביי מיט׳ן וועג, שטעלען אָב זייער בליק אַ ווײַלע אויף דעם פערטריקענטען בוים און פרעגען ביי זיך אַליין אָהן ווערטער: „פאַרוואָס טרי־קענט דער בוים?״... וואָס זענט איהר אַזוי בלאַס, לע־אָניד? איהר מיינט, אַז די זון וועט היינט ניט אויפ־געהן?... דאָס האָב איך שפּאַס געמאַכט. דער הימעל ווערט אַלץ העלער און העלער; איהר וועט באַלד זעהן, ווי די זון וועט אויפגעהן... לעוועשטיין זאָגט, אַז ווען די זון געהט פון ים אַרויס און הויבט זיך אָן אויפ׳ן הי־מעל אַרויפגליטשען, איז זי ווי צוזאַמענגעדריקט... ניט אמת, לעאָניד? ער זאָגט...

**לעאָניד**: (שלאָגט איהר איבער) רחיל! וואָס איז מיט אייך, רחיל?..

**רחיל**: וואָס איז מיט אייך, לעאָניד? מיט מיר איז גאָרניט. איהר האָט נאָך מיט מיר קיינמאָל פאַר׳ן זונענאויפגאַנג ניט געשפּאַצירט. איך בין שטענדיג אַזוי, בייטאָג שווייג איך און ביינאַכט רעד איך (זי קוקט איהם גלייך אין די אויגען) וואָס, איהר גלויבט ניט?.. איהר גלויבט דאָך אַלץ וואָס איך זאָג אייך. איהר געדענקט, אַמאָל האָט איהר מיר געזאָגט, אַז צו מיר מוזט איהר זיך בעציהען בלויז מיט אַכטונג... נו, איצטער וועט איהר מיר שוין אפשר אָנהויבען אַ ביסעל ווייניגער צו אַכטען?.. האַ, לעאָניד? זאָל איך אייך אפשר נאָך עפּיס דערצעהלען? וואָס מיינט איהר, דערצעהל איך אייך דען? דאָס איז דאָך בלויז מיינע קינדערשע געשיכטען, וואָס די ניאַניע האָט מיר דערצעהלט.... זי האָט מיך זינגען אויך געלערנט, איך געדענק נאָך איין ליעדעלע נאָר אַ קינדערשעס — ווילט איהר, איך זאָל עס אייך זינגען?...

לעאָניד : (ער גערמט זי פּעסט פאַר די הענד) רחיל, איך בעט איַך, איהר זאָלט שוויַיגען. רחיל, איך בעט איַך...

רחיל : איהר ווילט, איך זאָל שטיל זיַין?

לעאָניד : (בעט זיך) רחיל...

רחיל : אָך, סאַראַ פעסטע הענד איהר האָט!

לעאָניד : רחיל, לאָזט מיך אָב. איך וויל אַוועקגעהן פון דאַנען.

רחיל : איהר האַלט דאָך מיך פאַר די הענד...

לעאָניד : איך וויל, איהר זאָלט אַוועקפאָהרען, רחיל.

רחיל : איך האָב דאָך שוין לאַנג געוואָלט אַוועקפאָהרען.

לעאָניד : פאָהרט אַוועק פון דאַנען.

רחיל : נו, גוט. איך האָב דאָך שוין לאַנג געוואָלט אַוועק-פאָהרען.

לעאָניד : אָט בעסער שוויַיגט. רעדט נאַרניט, גאַרניט...

רחיל : איהר זענט נאָך גאַר אַ קינד, לעאָניד. איך וועל שוויַי-גען... (שוויַיגען ביידע)

לעאָניד : (מיט אַ ציטערנדער שטימע) פאַרוואָס זענט איהר בייז אויף מיר, רחיל? איהר פערפאָלגט מיך. צי דען בין איך שולדיג? פאַרוואָס פערפאָלגט איהר מיך? איהר האָט אונזער שטוב אָנגעפילט מיט אַ געהיימניספולע דונקעל-הייט. איך האָב מורא פאַר איַיך... איך ליעב גאָ-לען... איך שעם מיך ניט פאַר איַיך און איך לייקען ניט פאַר איַיך... וואָס קומט מיר דערפאַר?... פאַר-וואָס פערפאָלגט איהר מיך?... ווען איהר שוויַיגט, איז מיר שווער, און ווען איהר רעדט, איז מיר נאָך טויזענד מאָל שווערער. רעדט וועגען וואָס איהר טראַכט; רעדט וועגען וואָס איהר פיהלט... איהר אָבער רעדט וועגען גאַנץ אַנדערש... איך ליעב גאָלען...

רחיל : פאַרוואָס האָט איהר זי אַליין געלאָזען?

לעאָניד : איך האָב מיט איהר אָבגערעדט, זי זאָל אַהער קומען.

**רחיל** : פאַרוואָס האָט איהר זי אַליין געלאָזען? פאַרוואָס האַלט איהר מיך אַזוי פעסט פאַר די הענד? זעהט, איהר האָט מיר שוין געוויזען צייכענס געמאַכט אויף די הענד.

**לעאָניד** : רחיל... (ער טוליעט זיך צו איהר) איך טוליע מיך צו אייך ווי אַ קליין קינד... מיר איז שלעכט, רחיל... נו, פיהלט מיר מיט בלויז איין מינוט; בלויז איין אויגענבליק. פאַרוואָס זענט איהר אַזוי שרעקליך?...

**רחיל** : (צאַרט) אַך, מיין קליין קינד... איהר זענט דאָך שלעפריג, מיין קליין קינד... אַז די זון וועט אויפגעהן, וועל איך אייך אויפוועקען... (זינגט צערטליך מיט אַ ציטעריגער שטימע:)

שלאָף מיין קינד,
שלאָף מיין קינד,
אַ ווייסער מלאך שוועבט אין רוים... (שווייגט)
שלאָף מיין קינד,
עס וועהט אַ ווינד
און טראָגט פון ווייט פאַר דיר אַ טרוים...

זעהט איהר, דאָס לידעל האָט מיר אויך מיין ניאַניע געזונגען. די מעלאָדיע אַליין האָב איך געדענקט, אָבער די ווערטער ניט. נאָר קיין אַנדערע ווערטער האָבען צו דער מעלאָדיע ניט געקענט זיין... אַך, ווי בלאַס איהר זענט, לעאָניד... ווען אייער געזיכט איז בלאַס, זענען אייערע אויגען נאָך פיעל בלויער...

**לעאָניד** : ניין, איך ליעב זי ניט, גאַלען. רחיל, דאָס האָב איך בלויז פון זיך אַליין שפּאַס געמאַכט. איך האָב געוואָלט הערען, ווי עס וועלען קלינגען די ווערטער: „לעאָניד ליעבט גאַלען"...

**רחיל** : איהר זעהט, ווי דער הימעל איז שוין ראָז געוואָרען? איהר וועט מיט מיר אַרויספאָהרען אויפ'ן ים בעגעגנען דעם זונענאויפגאַנג? איהר וועט מיט מיר אַרויספאָהרען?

**לעאָניד** : (שווייגט.)

**רחיל** : אַך, ווי גוט, אַז מען וואוינט ביים ברעג! נאַרישע מענ-

שען זאגען, אז צום מענשענס וועג איז קיין ברעג ניטא.
איהר זעהט, לעאניד, מיר זיצען דאך ביים ברעג...
אמת? ווייטער געהן קען מען דאך ניט... אמת, לעא-
ניד? א נארישקייט, וואס מען האט צוגעקלערט א מיטעל,
ווי אזוי דעם ים איבערצושווימען פון איין ברעג צום
צווייטען... דאס האט געווים א בייזער לץ צוגעקלערט,
כדי צו פערלענגערן דעם מענשענס וועג און אזוי זאל
ער אומבלאנדזשען דעם גאנצען לעבען פון וועג צו וועג...
איהר זעהט, דער בלויער פאס אויפ׳ן הימעל איז מיט א
ראזען זוים אונטערגעשלאגען... איהר שלאפט, לעאניד?..
טרעהרען אין אייערע אויגען?... אך, ניין... כ׳האב
מיך שוין געוואלט צולאכען. אייך פאסט ניט, איהר זאלט
וויינען. דאס איז גאר דער מארגענטוי אויף אייערע אוי-
גען געפאלען, און אז די זון וועט אויפגעהן, וועט זיך אין
דעם טוי, פערנעבעלט, אבשפיגלען די פארבען פון דעם
זונענאויפגאנג. (זי בעפרייט זיך פון איהם. ער בלייבט אויף זיין
ארט. זי געהט אום ביים ברעג און קלייבט גראזען) איך האב
אמאל פון גרינע גראזען שענע קרענץ געקענט פלעכטען
(פלעכט) אט פון דעם בוימעלע וועל איך אויך צווייגע-
ליך אריינפלעכטען... אך, האב איך געקענט קינדווייז
קרענץ פלעכטען!.. ניט שען זענען די גראזען, וואס
וואקסען ביים ברעג... (קוקט זיך ארום. רופט:) א-הו!
א-הו!... קומט אהער!

**לעאניד**: (הויבט זיך אויף בלאס) וועמען רופט איהר?

**רחיל**: גלאז איז דא געווים פארהאן ערגעץ נאהענט... אהו!
אהו!... קומט אהער!...

**לעאניד**: רופט ניט קיינעם... איך וויל אייך וואס זאגען...

**רחיל**: וואס דארפט איהר מיר זאגען? איך ווייס דאך אלץ.
(מהומ איהם אן דעם קראנץ אויפ׳ן קאפ) ווי שען איז אייער
קאפ מיט דעם קראנץ בעצירט... קומט לאמיר צום
וואסער אראבגעהן, וועט איהר אין דעם וואסער-שפיגעל
זעהן.

**לעאניד** : (ער נעהמט אינסטינקטיוו אראב דעם קראנץ פון קאפ) אין ים איז דער וואסער־שפיגעל שטענדיג אין בעוועגונג.

**רחיל** : (לאכט געהיימניספאל) אין ים איז זיך שווער צו שפיגלען (רופט) אהו! אהו... אט געהט שוין גאלא אהער

**לעאניד** : נאך וואס האט איהר זי גערופען?

**רחיל** : איהר האט דאך מיר שוין אלץ געזאגט... אט איז גא־לא (לויפט איהר אנטקעגען)

**גאלא** : (קומט אן, זינגט:) א, איהר שטראהלען, מארגענספיילען!.. ברעכט די וואלקען פון מיין הארץ... (זי ווארפט זיך רחילץ אויפ'ן האלז) ווי גוט דא איז! די שאטען צולויפען אין אלע ווינקעליך; כ'האב אהין אוועקגעשיקט לעוועטשטיי־נען אויך... ברויל, ברויל... ווי לאנגווייליג ער איז!..

**רחיל** : (צו גאלען) געפעלט אייך איצטער לעאניד?

**גאלא** : עפיס איז ער מיר גאר פערשלאפען. וואס פאר א קראנץ האט איהר עם, לעאניד?

**רחיל** : דאס ערווארטעט ער די זון מיט א קראנץ אין האנד. איהר זעהט, ווי דער הימעל איז רויט געווארען? אט, דארט וואו דאס דאזיגע וואלקענדעל העננט, דארט וועט די זון ארויסשווימען (לוסטיג) עך, וועט דאס וואלקענדעל זיך אנצינדען! עך, וועט זיך עס אנצינדען... (קוקט אנ־געשטרענגט) אט באלד וועט די זון אויפגעהן; באלד וועל איך איהר אנטקעגען לויפען... (זי לויפט אראב צום ברעג)

**גאלא** : וואוהין?

**לעאניד** : (דערשראקען) וואוהין, רחיל?

**גאלא** : וואס איז מיט איהר היינט? איך דערקען זי ניט היינט. (זיי קוקען ביידע אנגעשטרענגט אין דער זייט, וואו רחיל איז אוועק)

**לעאניד** : זי איז צום שיפעל אוועק!

**גאלא** : וואס וויל זי טאן?

**לעאניד** : דאָס שפּעל איז מיט קייטען צוגעשלאָסען ?

**גאלא** : ניין, ס'איז ניט צוגעשלאָסען ... אַט ריהרט זי עס !..
זי פאָהרט דאָך פון ברעג אָב ... רחיל, וואוהין ??
מיר פאָהרען אויך !.. איהר פאָהרט אַנטקעגען דער זון ?..
געוויס ניט פערשלאָסען געווען ... זעה, ווי די וועלען
ווארפען זי! זי שטעהט אין שיפעל, זי וועט נאָך אריינ־
פאַלען (שרייט) זעצט זיך, רחיל! איהר וועט נאָך אריינ־
פאַלען ... זי פאָלגט זיך ניט. וואָס איז מיט איהר ?..
לעאָניד, וואָס זעגט איהר אַזוי בלאָס? וואָס איז מיט
אייך, לעאָניד ?... זאָגט, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען ?..
לעאָניד, וואָס איז דאָ געווען ?...

**לעאניד** : (שטעהט די גאַנצע צייט ווי פערגליווערט און קוקט צום ים. אויפ'ן
האַריזאָנט הויבט אָן די זון אויפצוגעהן.)

**גאלא** : וואָס איז ?!.. זי וואַרפט די רודערן אין וואַסער אריין...
זי צולאָזט איהרע האָר ... זי צולאָזט די האָר ... ווי
ערהאַבען זי שטעהט ... (האַפּט לעאָנידען מיט שרעק. פּלוצ־
לונג:) לעאָניד, איך פערשטעה אַלץ! איך פערשטעה
אַלץ וואָס דאָ איז געווען ... (שרייט) רחיל, וואָס טהוט
איהר ?!.. רחיל, וואָס טהוט איהר ?!.. (ביידע בלייבען
אַ ווײַלע שטעהן שטיל. ציטערן פאַר קעלט, האַלטענדיג זיך פאַר די
הענד און שרייען פּלוצלונג ביידע אויס „האַ!“.. לאָזען זיך ביידע
אינסטינקטיוו לויפען אַראָב, צום ברעג, רופענדיג צו הילף. די שטי־
מען ווערען בּיסליכווייז שטילער און אײַנגאַנצען שטיל...)

**אידע** : איהר שטימע הערט זיך פון ווייטען, שרייט:) די זון! די זון!..
(קומט צום ברעג און בלייבט שטעהן אַ פערגאַפטע, קוקט צום אונטער־
אויפגאַנג)

(פאָרהאַנג).



פרץ הירשביין.

# דער לעצטער.

אַ דראַמאַטישער פּראָלאָג

אין דריי אַקטען.

# פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| ר׳ בנימין | |
| שרה | זיין פרוי. |
| יחיאל | זייער זוהן. |
| דינה | שרה׳ס ברודער׳ס א טאָכטער און יחיאל׳ס פרוי. |



# ערשטער אקט.

אין ר׳ בנימינ׳ס הויז.

א גרויס ליכטיג צימער. רעכטס צוויי פענסטער און א טיר אויף דער גאס ארויס. לינקס צוויי טירען: די טיר העכער, פיהרט צו רב בני-מינ׳ען אין צימער און נידריגער אין יחיאל׳ס צימער. אין דעם הינטערגרונד א גרויסער פענסטער, וועלכער קוקט אריין אין א גארטען. דאס מעבעל איינפאך, אלטמאדיש. ביי די ליידיגע ווענד פאליצעס ספרים. פארנאכט.

**ר׳ בנימין:** (ער זיצט ביים טיש, וועלכער שטעהט נעבען פענסטער אין הינטער-גרונד. פאר איהם ליעגט אנ׳אפענער ספר, נאר ער קוקט אריבער דעם ספר, ווייט פון זיך. ער פיהרט לאנגזאם, פערקלערט דורך זיינע פינ-גער צווישען די לאנגע, זילבערנע האר פון זיין בארד)

**שרה:** (זי זיצט ניט ווייט פון איהם די הענד אויפ׳ן הארצען פערלייגט: קענ-טיג זיי זענען ביידע אנטשוויגען געווארען נאך א לאנגען, ערנסטען שמועס)

**ר׳ בנימין:** (ווי פאר זיך אליין) אריבערקוקען אויף יענער זייט ספר, הייסט עס — זיך שטעלען אויפ׳ן שארף פון א שווערד און איך וועל עס נישט טאן.

**שרה:** טו עס נישט. בעדארף מען נישט... ווער קען דען

העלפען דערביי? און נישט פאר דיינע כחות איז עס.

ר' בנימין: וואס קען דערביי פועלן דעם מענשענס האנד?

שרה : ווען שטאדט וויל דוקא, דו זאלסט ביי זיי רב ווערען, וואס קען זי אויסען זיין?.. כ'ווייס, א שטאדט שרעקט זיך, טראכט זי: טאמער אנ'עצה.

ר' בנימין: נעהמען א שטאדט אויף די פלייצעס, הייסט עס — פערדעקען דעם קאפ, אז די אויגען זאלען די ליכטיגע זון נישט זעהן... איך זאל זיין רב... (שמייכעלט איראניש) טראגען א שטאדט נארישקייטען און א שטאדט צרות אויף מיין קאפ... איך זאל זיין רב — נישט פאר מיינע כחות; נישט פאר מיינע כחות. א גרינגערען פון מיר בעדארפען זיי האבען; גרינג זאלען זיי איהם קענען, העכער איבער זייער אייגענעם קאפ ארויפהויבען. אפשר צוליעב חיונה? קען איך דען גאר טראכטען פון וואנען מיין חיונה שטאמט? ס'ווערט מיר שוין אזוי אויך גענוג זיין. און ליידען פאר כלל? בפרסיה? עס וועהטאגט דאס הארץ אזוי אויך גענוג...

שרה : ביסט גערעכט.

ר' בנימין: און אפשר צוליעב כבוד? ווענען דעם ענין בין איך שוין מיט זיך לאנג דורכגעגאנגען. — (געהט אום אויף און אב)

שרה : דו ווילסט שוין אוועקגעהן? כ'האב ווענען נאך עפיס געוואלט מיט דיר רעדען.

ר' בנימין: סודות? בעהאלטסט פון מיר סודות?

שרה : נישט קיין סודות, ווייסט אליין גאנץ גוט.

ר' בנימין: למשל?

שרה : כ'ווייס... א וועלט מאכט חתונה קינדער; א וועלט האט נחת פון קינדער. — בנימין, כ'וויל — ס'זאל שוין אנ'עק נעהמען.

ר' בנימין: אדרבה, לערן דו מיך, ווי איך זאל זיך איצטער בעגעהן? ווי זאל איך זיך שוין איצטער בעגעהן — אפשר

האָסטו וואָס צוגעקלערט ?

שרה : איך וויל דיר קיין עגמת נפש נישט אָנטאָן ; אָבער ס'איז איבער מיינע כחות, זאָל שוין נעהמען אַ סוף ... איין קינד ; איין אויג אין קאָפּ. זי גערט ארום ווי אַ שאָטען ; ער — ווי אַ שאָטען. וואָס דאָרט קומט פאָר אין זייערע הערצער—איין גאָט אין הימעל ווייסט.

ר' בנימין: נישט איך מייד איהם אויס, נישט איך. ער זאָגט, אַז איהם איז שווער אַ יוד צו זיין, איך גלויב איהם. שווער איז צו זיין אַ יוד, ווען מען פיהלט נישט דעם חסד, וואָס גאָט האָט געטאָן מיט דעם יודען, ווען ער האָט איהם פאַר אַזעלכען בעשאַפען, אַז מען איז מקבל עונש און מען ווייסט נישט פאַרוואָס, טהוט עס דאָפּעלט וועה. ווייס איך עס. זענען דאָך צייטען געוועזען, ווען דער יוד האָט גרעסערע גזרות אויסגעשטאַנען : ווען מען האָט אין פייער זיין לייב געברענט, געוואָלט די אמונה ביי איהם צונעהמען ; אויף קדוש השם האָט מען זיך איבערגעגעבען און גאָרנישט. און ליעב איז אַלץ געוועזען ; און זיי זענען די יסורים געוועזען, פרייזען און אַכטען גאָטס נאָמען אוים יסורים איז אַ גרויסע זכיה, און נישט יעדער דור איז זוכה דערצו. אַזוי ווייסען מיר, יודען. אַזוי האָבען אַמאָליגע דורות געוואוסט.

שרה : וואָלסטו אפשר מיט איהם רעדען.

ר' בנימין: האָב איך איהם דען אַנדערש געלערנט ? האָב איך איהם דען געלערנט אַ פרעמדע תורה ? איך האָב איהם איבערגעגעבען דאָס, וואָס כ'האָב אַליין געוואוסט ... איך האָב מיין אייגענעם גלויבען אין זיין נשמה געפלאַנצט ; און אויב די פרות זענען אַנדערע, איז דאָך מסתמא אַזוי דער ווילען פון דעם וואָס לעבט אייביג. ער וויל וויסען, פאַרוואָס גאָט שיקט צרות אויף זיין פאָלק ישראל ? ער וויל זיך אונטערגראָבען אונטערן רעכטען יסוד ... ער וויל עס ...

שרה : איך וואָלט וועלען, אַז ביי מיר אין שטוב זאָל ווידער

ליכטיג ווערען.

ר' בנימין: וואס קען איך דערביי העלפען? די פינסטערנישׁ טראגט זיך צו מיר אין שטוב אריין פון אומעטום; פון דער גאס דורך מיינע פענסטער; אין מיין שטוב — פון יעדען ווינקעלע.

שרה: אזוי פיעל יודיש בלוט איז פערגאסען געווארען — נישט איין הארץ איז דערפון געריהרט געוואָרען.

ר' בנימין: און נישט איין שכל, וואלסטו זאגען, איז דערביי פערפיהרט געווארען.

שרה: און אלץ, דאכט זיך, האט געמיטען. וואו ס'זענען יתומים געבליבען, הערט זיך שוין אויך א לעבעדיג ווארט; זעהט זיך שוין אויך א פרעהליכער שמייכעל — און וואס איז מיט מיין שטוב? און דא קען נאך אלץ נישט ליכטיג ווערען... צוויי יאהר נאך זייער חתונה — און ווי א שטיין וואלט אין איהרע געדערים ליעגען. וויסט און פינסטער געהט זי ארום, ווי א שטיין וואלט זיך אין איהרע געדערים טראגען. און ווער איז אין דעם שולדיג?

ר' בנימין: דאס לאזט מיך נישט רוהען.

שרה: און וויל איך רעדען צו איהר — פערשטעהט זי שוין מיין בליק. ווערט זי בלאס און ווידער רויט און טרעהרען בעוויזען זיך אין איהרע אויגען; שוויג איך שוין, פערקלעמט מיר מיין הארץ, שוויג איך שוין.

ר' בנימין: און דאס לאזט מיין הארץ נישט רוהען.

שרה: איך וויל, איהר זאלט אנהויבען רעדען.

ר' בנימין: רעדסט ווי א קינד. האב איך דען מיט איהם א מחלוקת געהאט? זענען איהם מיינע ווערטער וואלוועל געווארען, האט ער אויפגעהערט צו רעדען מיט מיר. און אז איך וועל שוין נאכגעבען, אויף מיינס מותר זיין, וואס וועט דערפון ארויסקומען? איך וועל איהם נאר צו א זינד ברענגען. רעדט ער נישט, איז שוין גלייכער.

דינה: (קומט אריין פון דער גאס און בלייבט שטעהן נעבען דער טיר. אוס'ן

קאָפּ אַ לייגט וויים טיכעל, אַזוי, אַז איהרע בלאָנדע האָר זעהען זיך אַרויס. איהר געזיכט איז צערטליך בלאַס — און איהר יונגענדליכעס אויסזעהן דריקט אויס איינזאַמקייט און בענקען. איהרע בלויע אויגען פערחלומ׳ט, איהרע באַוועגונגען — שטילע)

ר׳ בנימין : וואָרום ביסטו אויפ׳ן שוהל געבליבען?

דינה : אפשר בעדאַרף איך ניט הערען.

שרה : נישט פון קיין סודות האָבען מיר גערעדט.

ר׳ בנימין : נו, וואו ביסטו געווען?

דינה : הינטערן שטאָדט בין איך געווען.

ר׳ בנימין : בעגלייטסט דעם זומער?

דינה : יאָ, איך בעגלייט דעם זומער. (זי קוקט אריין אין דעם אָפּגענעם ספר, וועלכען רב בנימין האָט געלאָזען אויפ׳ן טיש) זאָגט מיר, פעטער, וואָס שטעהט אויף דעם בלאַט געשריבען?

בנימין : (שמייכעלט) נישט פאַר דיר, מיין קינד.

דינה : איך וועל עס נישט קענען בענעהמען.

ר׳ בנימין : איך מיין אַזוי.

דינה : און מיט איין בלאַט פריהער וואָס שטעהט געשריבען?

ר׳ בנימין : אויך דאָס איינענע.

דינה : (זי געהט צו רב בנימין׳ען) און ביי אייך אויפ׳ן שטערן איז נאָך אַ קנייטש צוגעקומען. ווי אותיות אויסגעקריצטע, אַזוי זעהען אויס די קנייטשען אויף אייער שטערן — זאָגט, וואָס איז דאָרט אָנגעשריבען?

שרה : מסתמא נאָך אַ דאגה אין האַרצען צוגעקומען. צרות אין האַרצען מאַכען אין קנייטשען דעם שטערן (געהט אָב א.ן איהר צימער לינקס)

ר׳ בנימין : ביסט הינטערן שטאָדט געווען — דערציהל, ווי האָלט עס מיט׳ן זומער?

דינה : די זון פערגעהט שוין הינטערן וואַלד פון דער לינקער

זײַט שטאָדט.

ר׳ בנימין: הײסט עס, דער זומער אַוועק.

דינה: בלעטער פאַלען שוין פון די בוימער.

ר׳ בנימין: הײסט עס, דער בוים האָט שוין זײַן נוצען געבראַכט: בעשיצט האָט ער דאָס לעבעדיגע פון דער הײסער זון און איצטער וואַרפט ער פון זיך זײַנע בלעטער אַראָב.

דינה: נאָר צוליעב דעם אַלײן גרינט ער, דער בוים?

ר׳ בנימין: אַלץ האָט גאָט בעשאַפען אויף דער ערד דעם מענשען צום נוצען. וואָלט דען ווער געקענט אַזוי זײַנע וואונדער אָבשאַצען, ווי דער מענש וואָס געהט אום אויף דער ערד?

דינה: דאַכט זיך, אַזוי איז עס... און דאָך... וואַקסט דאָך מסתמא דער בוים דאָרט, וואו דער מענש האָט נאָך אפילו קײן פוס ניט געשטעלט?

ר׳ בנימין: אָבער וואו איז דען דער אָרט, וואו דער מענש איז נאָך מיט זײַן געדאַנק ניט געווען? איז דען אַ חילוק?... זיצסטו דאָ, אין דער דאָזיגער שטאָדט, אין דעם דאָזיגען שטוב, און מיט׳ן געדאַנק דײַנעם אויב דו טראָגסט זיך נישט אַוועק ווײַט-ווײַט פון דעם שטוב, ווײַט פון דער שטאָדט — איז עס גלײַך ווי דו וואָלסט גאָר גאָט נישט געדינט... וואָס האָסטו זיך אַזוי פערקלערט?

דינה: גאָרניט, גאָרניט. (בלײַבט אין פערלעגענהײַט)

ר׳ בנימין: האָסטו הײַנט יחיאל׳ן געזעהן? ער איז אויך געוועזן הינטערן שטאָדט.

דינה: (זי קוקט איהם אָן פערוואונדערט, ווי זי וואָלט ניט וויסען וואָס צו ענטפערן)

ר׳ בנימין: האָסט נישט פערשטאַנען, וואָס כ׳האָב געפרעגט?

דינה: איך? געוויס... נײן, ער איז ניט געווען מיט מיר הינטערן שטאָדט... מיך וואונדערט זעהר, איהר זאָלט עס פרעגען.

**ר׳ בנימין:** ער איז דאך מיין קינד.

**דינה:** (רעגט זיך) יא, אמת... וואס האב איך צוצוגעבען... (פלוצלונג מיט א ציטריגער שטימע:) זייט ניט אין כעס אויף איהם, פעטער. דאס איז שווער מאר איהם, פאר אלעמען.

**ר׳ בנימין:** (מיט אנ׳אראבגעלאזענעם קאפ) קען איך דען אויף מיין קינד אין כעס זיין. איך האב געמיינט... זעהסטו, שטאדט וויל מיך, צו דער עלטער, פאר א רב נעהמען און איך מוז מיך דערפון מסלק זיין.

**דינה:** אין וואס ווענדט זיך עס דען?

**ר׳ בנימין:** און ווער וועט נאך מיר מיין ארט פערנעהמען? אזוי בעדארף קיינער מיין ארט נישט פערנעהמען. מיין ארט איז ביי דעם דאזיגען טיש; ביים פענסטער, דורך וועלכען עס ווערט פאר מיר דאס ליכט געשיקט... א מוטער זויגט איהר קינד, ווען אפילו דאס הארץ איהרס איז קראנק. — דאס עופעלע זויגט און ווייסט נישט, וואס ביי דער מאמען אין הארצען טהוט זיך. אדער דער בוים — זיין הארץ איז שוין קראנק, פוילט, און ביים זייט גרינט זיך א צווייגעלע... קענסטו מיר אפשר זאגען, וואס פאר א ספר ער שרייבט? האט ער מיט דיר דערפון גערעדט?

**דינה:** זעהר ווינציג.

**ר׳ בנימין:** אבער דאך?

**דינה:** ס׳איז ניט אזוי ווי איהר שטעלט זיך פאר.

**ר׳ בנימין:** אבער ער שרייבט דעם ספר?

**דינה:** וואס קען איך אייך זאגען?

**ר׳ בנימין:** איז עס געגען זיין אייגענעם פאטער?

**דינה:** (אונבעוועגליך) איך ווייס ניט.

**ר׳ בנימין:** געגען גאט און זיין פאלק?

**דינה:** (רעדט הייס, ווי זי וואלט וועלען איהר מאן בעשיצען) ניין, ניין...

פון נאָט רעדט ער מיט מיר יעדעס מאָל. און נאָט האָט ער ניט אויפגעהערט צו גלויבען. קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט...

**ר' בנימין:** און וואָס בעשטעהט דאָס גלויבען?

**דינה:** (קוקט איהם אָן גאָר פערלאָרען)

**ר' בנימין:** קענסט מיר נישט זאָגען, און וואָס בעשטעהט זיין גלויבען?... אומזיסט שרעקסטו זיך, איך האָב צו דיר גאָרנישט. איך מיין, אפשר וואָלסטו מיט מיר אָנשטאָט איהם געקענט רעדען. וואָלט איך וויסען. — אז מען פיהרט מיך אַרום אין דער פינסטערניש.

**דינה:** ניין, ניט געגען גאָט שרייבט ער זיין ספר.

**ר' בנימין:** (ניט הערענדיג) סודות, בסדר סודות... איך קוק צו די וועגד פון מיין שטוב — אפשר וועלען זיי מיר עפּיס דערצעהלען; אפשר וועלען זיי מיר זאָגען — פאַרוואָס מיין קינד, מיין איינאונאיינציג קינד, רעדט מיט מיר נישט שוין באַלד צוויי יאָהר... צייטענווייז דאַכט מיר, ער האָט רעדען פערגעסען; אָדער ער האָט שוין גאָר קיין ווערטער נישט אונטער זיין צונג, וועלכע זאָלען זיך צופּאַסען פאַר מיר... שוין אַלץ מוחל, — אָבער מיין קינד איז ער דאָך! איך האָב דאָך איהם געלערנט. זיין האַרץ האָט עס דאָך געפיהלט; זיין שכל, זיין פערשטאַנד האָט דאָך עס בעגומען...

**דינה:** ווען איך בלייב אַליין מיט אייך, פערליר איך מיך גאָר אינגאַנצען.

**ר' בנימין:** (געהט אויף און אָב) דו נעהסט אום הינטערן שטאָדט און דו בעקלאָגסט דיין יוגענד — און ער וואָס טהוט? (שטרענגער) און ער וואָס טהוט?

**דינה:** ניין, איך בעקלאָג ניט מיין יוגענד. מיר פעהלט גאָרניט, פעטער.

**ר' בנימין:** גאָרנישט... עס פעהלט דיר גאָרנישט — און ס'האַרץ חאָס זאָגט?.. עס פעהלט דיר גאָרנישט...

דינה : (געהט אָב אָן א זייט)

ר' בנימין : זאָגסטו, אַז דער ספר איז נישט געגען גאָט... און דאָס וואָס ער טהוט איז אויך נישט געגען גאָט? ווען מענשען לעבען אָט אַזוי וויסט, ווי דער דאָרנבוים — דאָס איז נישט געגען גאָט? אויף דעם וואָס זאָגט ער?

דינה : (שווייגט)

ר' בנימין : נאָר גאָרנישט. איך בייזער מיך און דו קענסט מיינען, אַז אויף דיר בייזער איך זיך עס. איך ווייס גוט, אַז אין דעם ביסטו נישט שולדיג... אויסער די יסורים פאָס דער וואָס אין הימעל שיקט אויפ'ן כלל, אויף זיין גאַנץ פאָלק, שיקט ער נאָך נסיונות אויף דעם איינציגען. קיין קשיות פרעג איך נישט. דו ביסט געווים נישט שולדיג... דו וויינסט?... דאָס וויינען איז איבריג...

דינה : ווען איהר וואָלט וועלען, וואָלט ער מיט אייך יאָ גערעדט.

ר' בנימין : איך וויל עס געוויס. איך וויל מיר קלאָר מאַכען וואָס איך האָב נאָך פון איהם צו וואַרטען. און דערצו... (רעגט זיך) אויף מיר וואַרפט מען גאָר דעם שולד אַרויף. אפשר בין איך טאַקי שולדיג? אפשר האָב איך טאַקי פערגעסען?... יאָ, גוט, גוט... (רופט) שרה!... שרה!...

דינה : איך קען זי געהן אַריינרופען, אויב איהר בעדאַרפט זי.

ר' בנימין : וועמען מיינסטו?

דינה : איהר האָט גערופען די מוהמע.

ר' בנימין : (נים פערשטעהענדיג) איך האָב זי גערופען? ניין, איך בעדאַרף זי נישט... (ער מאַכט צו דעם ספר וואָס אויפ'ן טיש און ער געהט אַרוים פון שטוב גאָרנישט זאָגענדיג מעהר)

דינה : (בלייבט אַליין, זי ווישט די טרעהרען, וועלכע פאַלען איהר פון די אויגען אין דער שטיל. זי דערהערט טריט, בעמיהט זי זיך צו מאַכען א רוהיג געזיכט און פערבאָרגט איהרע טרעהרען.)

שרה : (קומט ארײַן) דער פעטער האט מיך גערופען ?

דינה : דער פעטער האט אײַך גערופען, נאר ער איז ארויס-געגאנגען.

שרה : װאס האט ער מיר געװאלט זאגען ? װײַסט נישט ?

דינה : איך װײס גארנישט . . . איצ׳ער װײס איך גארנישט . . . (זי פאלט פלוצלונג שרה׳ן אויפ׳ן האלז) װאס װעט זײַן ? װאס װעט זײַן . (איהר קערפער ציטערט פאר שטילען אײַנגעהאלטענעם געװײן)

שרה : נו, בערוהיג דיך, װײן נישט. זעה װאס דו טהוסט . . . װײַנסטו — איז מיר דאך שװערער ; װײס איך דאך שוין גארנישט, װאס מיט אײַך ביידען טהוט זיך. אזוי קוק איך אין דײַן פנים און איך זעה עס א פרעהליכעס — איז מיר גרינגער ! מײן איך : אלץ װעט מײַדען — נאר אז דו װײַנסט . . . װאס איז דען היינט אנדערש װי שטענדיג ?

דינה : איך פערליר מיך אינגאנצען . איך װײס שוין גארנישט .

שרה : האט דער פעטער אזעלכעס מיט דיר גערעדט ?

דינה : דער פעטער רעדט מיט מיר ; ער פרעגט מיך, און איך װײס ניט װאס איהם צו ענטפערן . איך װײס ניט װאס איך זאל איהם זאגען .

שרה : איז דען צו בעשרײַבען, װי דער פאטער זײַנער האט איהם ליעב . מיט זײַנע הענד האט ער איהם געהיטעט, װען ער איז נאך א קינד געװעזען, אלײן מיט זײַנע הענד — און ער האט איבער זײַן װיעג געציטערט . און איך, װאס האב איך איבערגעלעבט ? און שוין שפעטער, װען ער איז שוין אויסגעװאקסען . . . די אװענדען װען זיי פלעגען דא ביידע זיצען און לערנען ; די בעגינענס . . . איך בין געלעגען אויף מײַן געלעגער און װי אין חלום האב איך געהערט זײער ביידענס געזאנג . מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז פון שטוב געהט דאס געזאנג ארויס און ביז צו די הימלען גרײַכט עס . דעמאלט איז מײַן מזל

דערהויכט געווארען און מיין הארץ איז מיט גליק פול געוועןֹ. האט דען מיין הארץ, דער מאמעס הארץ נאך עפּיס מעהר פערלאנגט? עפּיס מעהר בעגעהרט? אבער שפּעטער, אז יחיאל'ס קול איז שטיל געווארען, איז דער פּעטער אויך ווי פערשטומט געווארען. און מיר דאכט זיך אויס, אז איצטער קוקט ער מעהר אריבער, אויף יענער זייט ספר, ווי אין ספר אריין... (זיי בלייבען א ווײַלע אזוי זיצען. דינה איהר קאפּ אנגעשפּארט אויף שרה'ס האנד)

וואס רעדט ער מיט דיר?

**דינה** : ער מיט מיר?

**שרה** : די לעצטע צייט רעדט ער מיט מיר גאר ווינציג. (זי גלעט דינה'ס קאפּ) ס'הארץ זאגט מיר, אז וויים, זעהר ווייט וועט איהר פון אונז אוועקגעהן.

**דינה** : איך ווייס גארניט. וואוהין קען איך דען געהן? אדער וואוהין קענען מיר ביידע געהן?

**שרה** : מיר דאכט זיך אויס, אז די שטוב איז שוין בעצייטענס ליידיג געווארען; אז...

**דינה** : אוי, בעסער רעדט עס ניט, רעדט עס ניט.

**שרה** : אבער פאַרוואס געהט ער בעזונדער אום און דו בעזונדער?

**דינה** : וואס קען איך העלפען? איך בין אין דעם געוויס ניט שולדיג.

**שרה** : (מיט וועהטאג) מא ווער דען איז שולדיג, וואס מיין שטוב איז וויסט?...

**דינה** : זאל שוין זיין. אז מען שווייגט איז שווער, נאר אז מען הויבט אן צו רעדען ווערט נאך פיעל שווערער. (בלייבען ביידע שטיל)

**יחיאל** : (קומט אריין. ער איז שלאנק געוואקסען. ס'איז צו מערקען זיין אינערליכע אונרוהיגקייט, הגם אויסערליך האלט ער זיך גאנץ רוהיג. זיינע שווארצע אויגען קוקען טיעף פון אונטער זיין הויכען בלאסען שטערן ארויס. ווען ער קומט אריין, שטעלען זיך ביידע, שרה און דינה אויף)

שרה : אָט איז יחיאל.
יחיאל : שטערט אײַך ניט, שטערט אײַך ניט. איך גײ אין צװײ־ טען צימער אַרײַן.
שרה : מען בעדאַרף יעצט דאָרט אפשר ליכטיג מאַכען.
יחיאל : נו, װאָס, דינה, זענען פאַרהאַן אַ סך מוטערס אַזעלכע?
שרה : (ניט הערענדיג) זאָל איך דיר דאָרט אַ ליכט אָנצינדען?
יחיאל : (שמייכעלט) איהר האָט געװיס זעהר אַ טיעפען שמועס גע־ פיהרט, אַז איהר הערט גאָרניט, װאָס מען רעדט צו אײַך. איך פרעג, דינה, װי געפעלט דיר מײַן מוטער?
דינה : װאָס פרעגסטו עס מיך אַזוי פּלוצלונג?
יחיאל : נו, געװיס. גאַנץ אײַנפאַך, איך פרעג װי זי געפעלט דיר?
דינה : (װי זי װאָלט ניט פערשטעהן, קוקט איהם אָן)
יחיאל : (שמייכעלט) פערשטעהסט מיך ניט?
דינה : איך פערשטעה זעהר גוט.
שרה : און איך פערשטעה נישט.
יחיאל : װאָס האָסטו דען געװאָלט פערשטעהן פון מײַנע אײַנפאַ־ כע װערטער?
שרה : איך װײס... כ'בין געװעהנט געװען אין דײַנע װערטער, אינ'ם טאַטענ'ס װערטער צו געפינען עפּיס אַ געדאַנק. און איצטער פערשטעה איך ניט אַזוי גוט.
יחיאל : ס'איז דאָך קיין תּורה ניט. תּורה, האָט יעדעס װאָרט זײַן נשמה, זײַן תּוך, אָבער אײַנפאַכע, װאָכעדיגע װער־ טער... װאָס ניט, דינה?
דינה : איך האָב אויף דעם גאָרניט װאָס צו ענטפערן.
יחיאל : איהר האָט זיך בײדע װי אָנגערעדט מיר ניט צו ענט־ פערן (ער קוקט זיך נעהנטער אײַן אין שרה'ס אויגען) האָסט גע־ װײנט, מאַמע?

**שרה** : (זי קעהרט זיך אָב)

**יחיאל** : דינה, די מוטער האָט געוויינט?

**דינה** : (ניט קענענדיג געוועלטיגען מיט זיך, גיהט זי פלוצלונג ארויס פון צי־מער דורך דער גאַס־טיר)

**יחיאל** : (קוקט איהר נאָך פערוואונדערט) זאָג מיר, מאַמע, וואָס איז דאָ אזעלכעס פאָרגעקומען? עפּיס אַ שטילער טרויער רוהט דאָ איבערן שטוב... פאַרוואָס ענטפערסט דו מיר ניט? וואוהין איז דינה פלוצלונג אַרויסגעגאַנגען? ניט אַנדערש — עפּיס איז דאָ געשעהן.

**שרה** : (זי הויבט אָן ווישען די טרעהרען און אַזוי שווייגענדיג געהט זי אָב צו זיך אין צימער לינקס)

**יחיאל** : (ער בלייבט אַ ווײַלע שטעהן ווי פערשטיינערט. זיין געזיכט דריקט אויס ניט קיין פערוואונדערונג, נאָר ווי אַנערקענונג זיין אייגענער שולד, אָדער שפירענדיג אַן'אויסמײַדליכען אונגליק. רעדט פאַר זיך אַליין:) אָבער אַנדערש קען איך דאָך ניט מאַכען... (רופט) מוטער!.. דינה! וואו ביסטו? (ער געהט צום פענסטער וואָס אין הינטערגרונד און רופט:) דינה, וואו ביסטו? (מאַכט אַ בּעוועגונג ווי אין גאָרטען וואָלט ער עמיצען מערקען, רופט:) דינה, וואָס איז מיט דיר? ווילסט גאָר ניט אַריינגעהן צו מיר אין צימער?... ווילסט מיר גאָר ניט ענטפערן? (ער בלייבט נאָך אַ ווײַלע אַזוי שטעהן קוקענדיג אין פענסטער. ער לאָזט זיך אַראָב אויפ'ן פלאַץ, וואו רב בנימין איז פריהער געזעסען, און ער פערבאָרגט זיין קאָפּ אויפ'ן אָרעם)

**דינה** : (זי קומט אַריין, טראָגט אין האַנד אַ גרין צווייגעלע. זי דערנעהנטערט זיך צו יחיאל'ן און לעגט דאָס צווייגעלע אויף זיין קאָפּ)

**דינה** : ביסט ברוגז אויף מיר, וואָס כ'האָב מיך ניט באַלד אָנגע־רופען?

**יחיאל** : (הויבט אויף דעם קאָפּ) ניט אויף דיר בין איך אין כעס. צי קען איך גאָר אויף דיר אַ כעס טראָגען?

**דינה** : זעהסט, וואָס פאַר אַ גרינע צווייגעלעך עס שפּראָצען נאָך איצטער פון די בוימער אַרויס? ווי ס'וואָלט איצטער צו

פריהלינג געהן... ביסט נאָך אַלץ אויף מיר ברוגז? (קושט איהם אויפ'ן קאָפּ) ווילסט מיר גאָר ניט קוקען גלייך אין די אויגען אריין.

**יחיאל**: (ער ווענדעט אָב זיין קאָפּ צום פענסטער)

**דינה**: זעה, יחיאל וואָס דו, מהוסט... פאַרוואָס לאָזט דו מיר אַזוי שטעהן? איך האָב גערעכענט אויף דיר ברוגז זיין, דעריבער בין איך אין גאָרטען אַוועק; צום סוף האָט זיך גאָר אויסגעלאָזט פערקעהרט.

**יחיאל**: איך וויל וויסען, וואָס איז דאָ אַזעלכעס אין שטוב געשעהען פאַר די עטליכע שעה, וואָס איך בין דאָ ניט געווען? עפּיס אַלץ אין הויז דאָ אַרום קוקט אויף מיר מיט פערדראָכט... און דו ענטפערסט מיר אויך ניט צו דער זאַך.

**דינה**: איך בין אין דעם גאָר ניט שולדיג. איך ווייס אַליין ניט וואָס מיט מיר איז די לעצטע צייט געוואָרען. איך האָב אויפגעהערט אַליין זיך צו גלויבען און צו פערשטעהן. איך גלויב ניט מיינע אייגענע געפיהלען. צייטענווייז קלערט זיך פון אַזעלכע שרעקליכע זאַכען, אַז איך קען עס גאָר אַליין אין מיין קאָפּ ניט פערטראָגען. איך קען אַליין פאַר זיך ניט ערב זיין, וואָס מיט מיר וועט ווערען.

**יחיאל**: וואָס מיינסטו דערמיט?

**דינה**: וואָס קען איך מיינען דערמיט? צי קען איך דען אין אלגעמיין מיינען אַזעלכעס, וואָס פאַר דיר זאָל עס פרעמד זיין?... נאָר אַז מיר קומט אויס גאָר אַליין צו בלייבען, חאַפּט מיך אָן אַ שרעק. כ'ווייס אַליין ניט קלאָר פאַרוואָס. עס שרעקט מיר: פאַר זיך אַליין; פאַר דיר. אָט היינט אפילו; דו האָסט מיר צוגעזאָגט אַרויסצוקומען אין פעלד און זעהן ווי די זון פערגעהט סוף זומער — האָסט עס מיר אַליין פאַרגעלעגט און איך האָב מיך אַזוי געפרעהט.

**יחיאל**: מיט וואָס, אייגענטליך?

**דינה**: מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז איך בעדאַרף דיר ניט שטערען.

כ'בעדאַרף ניט... כ'ווייס, מיר דאַכט זיך אַלץ אויס. און ווען דו האָסט געזאָגט, אַז דו וועסט צו מיר אין פעלד אַרויסקומען, איז מיר אין האַרצן אַזוי ליכטיג געוואָרן — גאָר ווי אַמאָל...

יחיאל : בין איך דען צו דיר איצטער אַנדערש געוואָרן? בין איך דען געגען דיר אַ פֿערברעכען בעגאַנגען?

דינה : דו? אַ פֿערברעכען? קענסטו דען אַזעלכעס בעגעהן? צי דען בין איך שוין אַזוי נאַריש און כ'פערשטעה גאָרניט? צי ווייס איך דען ניט, וואָס ביי דיר אין האַרצן קומט פאָר?

יחיאל : נאָר...

דינה : נאָר איך שפיר, אַז דיינע געדאַנקען ווערען דיר אַלעמאָל שווערער. דיין האַרץ ווערט אַלץ מעהר אַנגעלאָדען מיט די שווערע געדאַנקען... איך בין הינטערן שטאָדט אומגעגאַנגען, געקוקט ווי די זון קלייבט זיך צו פערגעהן און האָב געטראַכט... איך האָב געפיהלט, אַז דו געהסט ערגעץ אום איינער אַליין אויף דעם אַנדערן זייט שטאָדט און קלערסט אפשר אויך דאָס איינענע...

יחיאל : ניט דאָס איינענע.

דינה : ניט דאָס איינענע?

יחיאל : (ער נעהמט זי פאַר'ן האַנד) ווי אויפגערעגט דו ביסט... אַך, צו וואָס איך האָב דיך געבראַכט. איך בין, דינה, זעהר שולדיג געגען דיר, נאָר ניט מיט דעם, וואָס כ'בין אַליין הינטערן שטאָדט געווען, ניט מיט דעם.

דינה : (זי דריקט איהר האַנד צו איהר ברוסט, וואָס רעגט זיך) איך? אין אמת'ן... מעגסט מיר ניט זאָגען... כ'האָב נאָר געטראַכט; אפשר ווען דו ביסט ניט אין שטוב, הינטערן שטאָדט ביסטו פרעהליכער; שפּיעלט אַ שמייכעל אויף דיין פנים. איך וואָלט דיך דאַן געזעהן און דערמאָהנט זיך אָן יענע ליכטיגע פריהמאָרגענס, אָן יענע אָווענדען...

יחיאל : מיינע שווערע געדאַנקען פערלאָזען מיך ניט, וואו כ'זאָל

נים זײַן. אדרבה, װען איך בין אַלײן הינטערן שטאָדט, איז מיר נאָך פיעל שװערער. װען איך בין אַלײן הינ־טערן שטאָדט, הױב איך נאָך שטאַרקער אָן צו שפּירען מײַן אײַנזאַמקײַט. װען נאָך שפּירט זיך אַ יוד אַזױ אײַנ־זאַם און עלענד װי הינטערן שטאָדט, אין פעלד בײַם זונענאױפגאַנג... און דערצו נאָך פון יענער צײַט אָן, צײַט יעדער בױם האָט פאַר מיר אַנ׳אַנדערן בעדײַט בע־קומען. יעדעם גרעזעלע, יעדעם בלימעלע האָט פאַר מיר גאָר אַנ׳אַנדערן אױסזעהן בעקומען. אַט װאָס, דינה — יענע װעלטען, יענע פעלדען און יענע בלומען זענען פערשװאונדען געװאָרען, אין אײַן אױגענבליק זענען זײ פערשװאונדען געװאָרען, און גאַנץ אַנדערע זענען אױס־געװאַקסען אױף זײער אָרט. אַט װאָס איך שפּיר דאָרט, װען איך בין אַלײן. און אַז איך בין געקומען אַהײם און בעגעגענט די שטומע, טרױעריגע בליקען פון אַלע זײַ־טען, איז מיר גאָר אומגליך געװאָרען.

**דינה**: װאָס מײנסטו דען, האָבען מיר גערעדט?

**יחיאל**: איך װײס דאָך גאַנץ גוט, אַז איך בין איצטער דער אינהאַלט פון אײער לעבען דאָ אין שטוב. און װען איך טרעף אײַך אַלעמען טרױעריג זיצען — בין איך דאָך געװיס דער שולדיגער אין דעם.

**דינה**: דער פּעטער האָט הײַנט אַזױ ליעב און צערטליך גע־רעדט צו מיר.

**יחיאל**: (מיט אַ לײַכטען שמײכעל) דאָס קלינגט אין זײַן שטימע דער קלאַנג פון דער תורה, װאָס איז װי אַ קװאַל אין זײַן האַרצען פערבאָרגען.

**דינה**: רעד ניט אַזױ; מיר דאַכט, אַז דו מאַכסט חוזק פון דײַן פּאָטער.

**יחיאל**: (ביטער) צי דען קען איך גאָר שפּעטען פון מײַן פּאָטער? דו נאַריש קינד. צי דען רײַסט זיך אַלײן אָב דער צװײַג פון׳ם בױם? סבות זענען פאַרהאַנען: אַ װינד רײַסט די צװײַגען פון בױם, אָדער זײ הױבען אָן צו טריקענען און

פאלען אליין אראב — אדער א מענשענס האנד רייסט זיי אהן רחמנות אב... איך קוק, דינה, אין דיינע ליכטיגע, אונשולדיגע אויגען און טראכט: ווער ווייסט? אפשר האסטו גאר בעדארפט זיין די מוטער פון דעם קינפטיגען פרומען יודען, וואס וועט זיין גלויבען ארומ־וואשען, זיין נשמה אויסלייטערן און ווידער זיך אומ־קעהרען מיט זיין פנים צו גאט — צום אלטען יודישען גאט, און בעטען ביי איהם כחות, ער זאל קענען זיין גלויבען דורך די ביטערע צייטען טראגען... ווידער זיין לעהרער ביי די פעלקער... איך בין, מיין טייערע, דער איבערגאנגס־מענש — פערשטעהסט, דער איבערגאנגס־מענש, וועלכער די נשמה זיינע ציהט איהר השפעה פון דעם יודישען קוואל. איך זעה מיט מיינע אויגען די פערגאנגענהייט, די געגענווארט און די צוקונפט... וואס איז די געגענווארט פון דעם איצטיגען מענשען? פון יסורים געוועבט! פון יסורים געשפונען... (געהט אום אויף און אב) פארוואס, אייגענטליך, איך רעד גיט מיט'ן פאטער? איז דען א פערברעכען, ווען איך וויל ניט זיין פאליש? און וואס וועט שוין דערפון ארויסקומען, אז איך וועל קומען צו איהם און זאגען: פאטער, זיי וויסען, אז אלע מיינע געדאנקען ביז איצטער, וועלכע זענען אייגענטליך א טייל פון דיין תורה — בין איך, דיין זוהן און דיין תלמיד, צו זיי ניט מסכים? וואס, פרעגט זיך, וועט דערפון ארויסקומען?

**דינה**: עס זענען דאך פארהאנען מינוטען, ווען א פאטער מיט זיין קינד קען גאר פון עפיס אנדערש רעדען און פיהלען, ווי א געליעבטער, ווען ער רעדט מיט זיין טרייער אין די מינוטען ווען זייער הארץ פילט אן בלויז ליעבע אליין, און מעהר קיין זאך ניט.

**יחיאל**: יא, ווען דאס הארץ פילט אן בלויז ליעבע אליין און מעהר קיין זאך ניט... (ער זעצט זיך נעבען איהר) איצטער האב איך מעהר ווי שטענדיג בעדארפט אנקומען צו דיין הילף; אז דו זאלסט צו אלץ מסכים זיין.

**דינה** : (זי גלעט איהם איבערן קאָפּ) פאַרוואָס זאָל איך בעדאַרפען אַזוי פיעל ליידען, ניט וויסענדיג פאַרוואָס און פאַר וועןַ?

**יחיאל** : ווי טרויעריג איז דאָס, וואָס יעדע געפעהרליכע סבה, וואָס דאָס לעבען גרייט צו פאַר׳ן מענשען, דערווייסט זיך דער מענש דערפון שטענדיג צו שפּעט.

**דינה** : אַנטקעגען וועם זאָגסטו עס?

**יחיאל** : אָט טוליעסטו זיך איצטער אַזוי צו מיר; און מיר דאַכט זיך, אַז אין דיין פאָרשטעלונג עקזיסטירט גאָר איצטער קיין אַנדער זאַך ניט אויסער מיך.

**דינה** : האָט עס דען אַנדערש בעדאַרפט זיין?

**יחיאל** : יאָ, ס׳האָט אַנדערש בעדאַרפט זיין... ווילסט וויסען, וואו איך בין אומגעגאַנגען אין דער צייט, ווען דו האָסט געקוקט ווי די זון פערגעהט?

**דינה** : אויב דו וועסט מיר דערצעהלען.

**יחיאל** : איך בין אויפ׳ן בית־עולם געווען.

**דינה** : אויפ׳ן בית־עולם?

**יחיאל** : יאָ... עס וואונדערט דיך זעהר?

**דינה** : כ׳ווייס ניט ווי איך זאָל דיר זאָגען. דו ביסט געגאַנגען זעהן די קברים פון די קדושים?

**יחיאל** : ניין. יענע קברים האָבען פאַר מיר איצטער קיין בעדייט ניט, ניט זייער טויט האָט מיין געדאַנק בעשעפטיגט — נאָר די האַק, וואָס האָט זייערע קעפּ צושמעטערט, און די האַנד, וואָס האָט די האַק איבער זייערע קעפּ אויפ־געהויבען.

**דינה** : ווי שרעקליך...

**יחיאל** : יאָ, דאָס איז שרעקליך... איך וויל, אַז די מענשהייט זאָל וויסען, אַז דער יוד איז דער שפּיגעל, אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָב איהר צוקינפט. דער יוד ליידט זיין גאַנצען לעבען בלויז דערפאַר, ער זאָל פון זיין בע־

פרײַאונג טראַכטען — וואָרום זײַן בעפרײַאונג איז דער אָנהויב פון דער בעפרײַאונג פונ׳ם גאַנצען שווערען לעבען דעם מענשענס... איך בין אויפ׳ן בית-עולם אומגעגאַנגען צווישען די קברים, געקוקט אויף די שטומע מצבות און געטראַכט: אַט ליגען דאָ מענשען, וואָס האָבען געלעבט און געליטען; אַט איז דער אוהל, וואו ס׳ליגט דער גרויסער רבי יחזקאל. פערבראַכט האָט ער דאָס גאַנצע לעבען אין תעניתים, אין תפילות; געקלאָגט, וואָס די שכינה האָט זיך אָבגעטאָן פון דעם יודישען קאָפּ, און האָט געזאָגט, אַז די שכינה קען איבער דעם מענשען ניט רוהען, ווען ער איז טרויעריג; — „וואו טרויער איז — דאָרט איז גאָט ניטאָ" — און דאָך האָט ער דעם גאַנצען לעבען זײַנעם געטרויערט. און איצטער ליגען זײַנע בײַנער רוהיג אין דער ערד, פוילען דאָרט — און בײַ זײַן צוקאָפּענס שטעהט זיך אַ שטומער שטײן, אויף וועלכען דער יונגער דור האָט געהײַסען טיעף אויסקריצען: „זאָל זײַן נשמה אײביג לעבען"... און זײַן נשמה לעבט זיך ווידער, שוועבט פון אײן יודיש הארץ אין דאָס צווײטע — פון אײן דור צום צווײטען...

דינה : מסתמא בעדאַרף דאָך דאָס לעבען אַזוי זײַן. אויב מײַן מזל איז אויך אַזעלכער, וואָס קען איך דען מאַכען אַנדערש?.. (זי צינדט אָן אַ לאָמפּ)

יחיאל : (ער קוקט איהר נאָך, שמײכעלט) זעהסטו, אַז מען צינדט אָן אַ לאָמפּ, איז ליכטיגער.

דינה : (אויס טרעהרען) וואָס זאָל איך טאָן? דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען. און דעריבער בין איך אויף אַלץ גרייט.

יחיאל : שווער צו זאָגען — אויף אַלץ גרייט. אונזער לעבען בעשטעהט פון אַ סך מ א ר ג ע נ ס און פאַר אַזעלכע מענשען, ווי דו, ווי מײַן פאָטער, איז שווער צו וויסען, וואָס דער נאָהנטסטער מאָרגען טראָגט מיט זיך. די נאַכט וועבט אויס די סבה פאַר דעם קומענדיגען טאָג, צוליעב וועלכער דער מענש זאָל מאָרגען ווידער מיט פערמאַכטע

אוינגען זיך לאָזען יאָגען נאָך דאָס אונבעמערקטע. מיר האַלטען כּלומרשט די ברעגען פון דער געגענוואַרט אין אונזערע הענד; אָבער וואָס פאַר אַ בּליהונג די צוקונפט וועט אויף זיך טראָגען — דאָס איז ניט צו וויסען. זיין אויף אַלץ גרייט קען נאָר זיין דער מענש, וואָס וויל ניט וויסען דעם תּכלית פון יעדען טריט זיינעם... איינער מהוט עס פון שוואַכקייט — ניטאָ קיין כּח זיך צו וועהרען...

דינה : קען מען דען זיך וועהרען?

יחיאל : אָ, ניין. מען בעדאַרף זיך ניט וועהרען. וועהרען זיך הייסט עס מלחמה האַלטען אַליין מיט זיך; אַליין מיט'ן אייגענעם שאָטען אויפ'ן וואַנד. און פון דעם אייגענעם שאָטען איז דאָך ניט צו בעפרייען זיך.

דינה : שווערע געדאַנקען.

יחיאל : שווערע געדאַנקען... האָב איך דען ניט בעקומען אָט די אַלע געדאַנקען, צוליעב די דאָזיגע וואָס האָבען פון קיין סבּות ניט געוואוסט?! זיי רופען די אַלע שטערונגען אין מיט'ן נאָמען „לעבען". ווער אָבער האָט דאָס לעבען אין דעם שטריינ געפונען? ווער אָבער האָט געפונען, אַז דאָס לעבען בעשטעהט אין דעם אייביגען קאַמפּף — פון איין זייט מלחמה האַלטען מיט'ן יצר-הרע וואָס אין זיך, און פון דער אַנדערער זייט — מיט דעם נאַרישען מענשען?... טראָגען אויף די פּלייצעס דעם שווערען יאָך און אין דער שמיל שעפּטשען אַ תּפילה צו גאָט, וואָס ער ניט מיר כּחות צו שלעפּען אויף די פּלייצעס דעם דאָזיגען שווערען יאָך. — — — — ציטענווייז הלומ'ט מיר, אַז נאָר אויף אַ שרעקליכען אופן וועט די מענשהייט אויסגעלייזט ווערען: ס'וועט קומען אַ טאָג און אַ צויבער-ווינד וועט זיך דורכטראָגען פון עק וועלט ביז עק וועלט און דער מענש פון דער גאַנצער וועלט וועט זיך אויף איין אוינענבליק אָבשטעלען, אויף אוינענבליק וועט דער ווינד דעם געדאַנק זיינעם אויסלייטערן; דער

מענש וועט זײַן אַטעם אָבשטעלען און בעדענקען זיך —
און אין יענעם שרעקליכען אויגענבליק וועט דער מענש
אין זײַן אײַגען לעבען אַרײַנבליקען; אַ קראַמפּ וועט דאַן
זײַן האַרץ דורכנעהמען — וואָרום ער וועט דערשפּירען
דעם ביטערען סוד פון זײַן „זײַן", דעם גורל זײַנעם וועט
ער דערקענען — און זײַן האַרץ — דאָס האַרץ פון
דער וועלט — וועט צוריסען ווערען...

דינה : (שטיל) צי דען שפּירט דער פאָטער אויך אַזוי?

יחיאל : מײַן פאָטער גלויבט, אַז די וועלט וועט אויסגעלײַזט ווע-
רען. ער גלויבט ווי יעדער פרומער, גלויביגער ייד.
ער לײַדט און גלויבט. די יסורים האָבען בײַ איהם דעם
גלויבען געשאַפען.

דינה : נײַן, יחיאל, בײַ מיר האָט דער גלויבען די יסורים גע-
שאַפען. ווען איך וואָלט ניט גלויבען אין די פיעל זאַכען,
אין וועלכע איך גלויב אין גרונד אַזוי בלינד, וואָלט איך
גאָר אפשר אַזוי פיעל לײַדען ניט בעדאַרפט פערטראָגען.

יחיאל : דו אַלײן ביסט שוין פערשידען פון מײַן פאָטער אין
דײַן גלויבען. דו פערקערפּערסט שוין אין זיך פיליכט
אַ טײל פון דעם גלויבענדען מענשען און מײַן פאָטער
פערקערפּערט אין זיך דעם גלויבענדען יודען. בײַם יודען
האָבען די צרות אין איהם דעם גלויבען בעשאַפען...
נאָך גאָר אין די אַלטע צײַטען, ווען דאָס פאָלק האָט
אונטער אַ שווערען יאָך געקניהט, איז אַ נביא געקומען
און פון גלויבען דעמאָלט גערעדט. געוועזען נביאים, וואָס
האָבען מיט דער הילף פונ׳ם גלויבען דאָס פאָלק צום
קאַמפּף געפיהרט; און אַנדערע האָבען פונ׳ם גלויבען אַ
וואַנד געמאַכט, וואָס האָט כלומרשט דאָס פאָלק געשיצט.
און מיר האָבען די צרות דעם גלויבען פערניכטעט און
דעם געפעלאַרום מיר צושפּרײַט.

דינה : רעד ניט אַזוי צו מיר... נעהם פון מיר דעם גלוי-
בען ניט צו.

יחיאל : איך טהו עס ניט.

**דינה** : פאַרוואָס רעדסטו אַזעלכע שרעקליכע ווערטער.

**יחיאל** : ניט איך בין אין דעם שולדיג.

**דינה** : דער קאָפּ ווערט מיר פול מיט די דאָזיגע ווערטער און מיר דאַכט זיך, אַז כ'וועל זיי גאָרניט קענען פערטראָגען. זיי נאָהנטער צו מיר. זיי צו מיר ווי אַמאָל. איך האָב זיך דאָך מיין גאַנץ לעבען אַזוי געריסען צו דיר. ווי אַ פויגעלע וואָס שוועבט אום צווישען הימעל און ערד און זוכט אַ צווייגעלע וואו זיך אָבצושטעלען, אַזוי האָב איך אַליין אומגעבלאָנדזשעט און שטענדיג זיך געצויגען צו דיר; געוואָלט לעבען פאַר דיר און צוליעב דיר; דיין לעבען זאָל מיינער זיין און דיין טויט זאָל מיינער זיין... און איצטער... איין וואָרט אַזעלכען זאָג מיר אַרויס, ער זאָל מיר דערמאָהנען אָן די אַמאָליגע טעג.

**יחיאל** : צווישען יענע טעג און היינטיגע האָט זיך אויסגעבריט אַ גרויסער, גרויסער יודישער בית־עולם.

**דינה** : איך פערשטעה ניט.

**יחיאל** : א בית־עולם פון מענשען אויסגעשטאָרבענע מיט'ן גוטען ווילען און מיט זייער גלויבען אין הארצען; און מענשען געגען זייער ווילען געשטאָרבענע און געגען זייער ווילען אויף יענער וועלט מיט צובראָכענע גליעדער געקומענע. מיט אויסגעשטאָכענע אויגען צוריק זיך אין דער ערד אומגעקעהרט... — און דאָס איז אַלץ אין דעם נאָמען פון לעבען געשעהן. איבער דעם דאָזיגען בית־עולם שוועבט איצטער אום די נשמה פון מיין אַלטען געשטאָרבענעם גלויבען און זוכט איהר תיקון. (ער גנעהמט זי פעסט ארום) אָ, מיין ליעבעס, אונשולדיג קינד! זעהסטו, אין דער צייט וואָס איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל נאָהנט נעבען זיך האָבען אַ צווייט הארץ, וואָס זאָל מיר מיטפיהלען; וואָס זאָל מיר פילייכט צו הילף קומען — שטעהט גאָר נעבען מיר אַ ליעבער אונשולדיגער מענש און זוכט פון מיר הילף.

**דינה** : (קושט זיין קאָפּ) רעד ניט מעהר... איך וועל מיר מאַכען

גלייך ווי איך האב גארנים געהערט דאס, וואס דו האסט נאר־וואס געזאגט... גלייך ווי איך וואלט גארנישט פער־שטאנען, וואס דו האסט איצטער געזאגט... לאז מיך נאר איין ווײלע געבען דיר זיין... אבער ניין גארנים, גארנים. איך פערשטעה גארנים. רבונו של עולם, ווי קינדעריש איך בין!...

**יחיאל** : (צערטליך) ביסט געגליכען צום שניי, וואס איז ארויסגעפא־לען ערגעץ אין טיעפען וואלד, און קיין איינציגער טרים איז נאך אויף איהם נים אריבערגעגאנגען.

**דינה** : (מים געבעטען) פערלאז מיך נים, יחיאל.

**יחיאל** : וואס מיינסטו דערמים?

**דינה** : (זי צימערט מים איהר גאנצען וועזען) גארנים, גארנים. ניין, איך מיין גארנים היינט. איך קען אהן דיר קיין איין מי־נוט נים לעבען. מאך אזוי, אז מיינע יסורים זאלען נים זיין בעזונדער — נאר מים דיר אינאיינעם זאל איך ליי־דען... בעזעץ מיך אין דיין הארצען... מאך אזוי, אז איך זאל זיין א טייל פון דיין נשמה; האטש דער קלענ־טער טייל פון דיין נשמה זאל איך זיין — איך זאל נים בעדארפען קלערען איבער דיינע ווערטער, נאר איך זאל זיי פיהלען...

**יחיאל** : דאס בעדארף איך.

**ידינה** : (ווי פריהער) איך וויל, דו זאלסט היינט אנהויבען צו רעדען מים'ן פאטער. נאר רעד מים איהם ווי א קליין קינד רע־דט צו א פאטער. אהן ווערטער, נאר מים די אויגען, מים די וואונקען זאלסטו צו איהם רעדען; דאס וויל איך, מיין טייערער.

**יחיאל** : (ווי אונטערטעניג) דו ביסט דאך געוועזן דער שענסטער חלום מיינער; און ווען כ'האב מיר געוואלט פארשטעלען אמאל אין חלום א שיין, לעבען האב איך עס אהן דיר קיינמאל זיך נים געקענט פארשטעלען.

**דינה** : אלץ אמאל... געשעהן און געוועזן... און איצטער...

(זי בעפרײט זיך פון איהם און געהט אום אויף און אָב) פינסטערער איז הײנט ווי שטענדיג. (זי צינדט אָן נאָך א ליכט.)

יחיאל : (ער געהט אַרײן צו זיך אין צימער, לינקס)

דינה : (אַליין פאַר זיך) „ווי דער שניי אין טיעפען וואלד, וואו קײן טריט איז אויף איהם ניט אַריבערגעגאַנגען”... נאָר די זון קומט אהין ניט צו; קײנמאָל קומט זי אַהין ניט צו...

ר' בנימין: (קומט אַרײן)

דינה : (זי בעמיהט זיך צו בערוהיגען און אָנצונעהמען איהר געוועהנליכען אויסזעהן. זי טהוט אָן אויפ'ן קאָפּ צוריק איהר ווײס טיכעל, וועלכעס זי האָט פון זיך פריהער אַראָבגעוואָרפען)

ר' בנימין: (קוקט זיך אַרום) ליכטיגער ווי שטענדיג איצטער אין שטוב. ווער האָט עס אַזוי פיעל ליכט דאָ געמאַכט?

דינה : (שווײגט)

ר' בנימין: דו האָסט אָנגעצונדען? שעמסט זיך צו דערצעהלען? גוט האָסטו געטאָן. גלײכער ליכטיגער.

דינה : (רעגט זיך) ניט איך האָב אָנגעצונדען.

ר' בנימין: פאַרוואָס האָסטו מיר גלײך נישט געוואָלט ענטפערן? עפּיס א סוד? וואו איז די מוהמע?

דינה : איך ווײס ניט.

ר' בנימין: (געהט אום אויף און אָב אונרוהיג) און יחיאל וואו איז? שוין געקומען?

דינה : יאָ, שוין לאַנג.

יחיאל : (ער בעווײזט זיך אויפ'ן שוועל פון זײן צימער. ער איז בלאַס און אויפגערעגט. ער מאַכט אַ טריט צו ר' בנימינען, נאָר ער בענוצט זיך דערמיט, וואָס דער פאָטער האָט איהם ניט בעמערקט, ציהט ער זיך צוריק צו זיך אין צימער אַרײן.)

ר' בנימין: (ער ווענדט זיך אין יענעם אויגענבליק אום צו יחיאל'ס זײט און זײערע בליקען בעגעגנען זיך.)

דינה : (שטעהט פון דער ווײטענס ווי א פערשטײנערטע און קוקט צו דער דאָזיגער שטומער סצענע.)

**יחיאל:** (גאַנץ רוהיג) דאָס האָט דינה אָנגעצונדען די לאָמפּען ווייל...
(בלייבט שטיל)

**ר' בנימין:** (אויך גאַנץ רוהיג אויסערליך) רעד ווייטער, מיין קינד. רעד ווייטער, כל־זמן דו רעדסט ווי אַלע מענשען, ווי אַ יוד בעדאַרף רעדען, פערשטעה איך גאַנץ גוט... יאָ, דינה האָט אָנגעצונדען די לאָמפּען; האָט זי דאָך געוואָלט מן הסתם, אַז ליכטיג זאָל זיין אין שטוב; געפעלט עס מיר זעהר גוט... נו, קום צו מיר, נאָהנטער; וואָס ביסטו אין טיר שטעהן געבליבען? אָט, קום אַרוים צ מיר, וועל איך מיינען, אַז דו ביסט די גאַנצע יאָהרען געווען אוועקגעפאָהרען אין גאַנץ ווייטע לענדער און איצטער האָסטו זיך צוריקגעקהרט... נו, קום צו דיין טאַטען, אין די אָרעמס... איך ווייס אַלץ... איך ווייס אַלץ..

**יחיאל:** (געהט אויטאָמאַטיש צו איהם)

**ר' בנימין:** אָט אַזוי, נו, געוויס....

**יחיאל:** (ער פאַלט מיטן קאָפּ אויפן פאָטערס אַקסעל)

**ר' בנימין:** (גלעט מיט ליעבע זיין קאָפּ) נו, געוויס אַזוי. האָט עס דען אַנדערש געקענט זיין?... ביסט פון וויטען וועג צו מיר געקומען. מיער ביסטו. זאָל זיין דיין קומען געבענשט. און אויב דו וועסט ווידער פון מיר, ערגעץ ווייט פון מיר, אַוועקגעהן, בין איך דאָך אַ פאָטער... זאָל זיין דיין אַוועקגעהן אויך געבענשט. איין דור בעדאַרף דעם אַנדערן דור פאַר'ן שטאַרבען זיין ברכה געבען... נו, פונדעסטוועגען רעד אוים אַ וואָרט. פאַר אַ פאָטער מעג מען. פאַר אַ פאָטער מאַכט ניט אוים. איז דער טאַטע אַ בייזער, בעשטראָפט ער מיט אַ וואָרט אָדער מיט אַ מחשבה אין האַרצען. איז דער פאָטער אַ גוטער, רייסט ער אפילו די בייזע מהשבה אויך פון האַרצען אַרוים און ער פערוואַרפט זי פון זיך... אַזוי האָב איך אויך געטאָן. אַזוי האָט אויך דיין מוטער געטאָן. נו, וואָס מאַכסטו?

**יחיאל:** (שמערצליך) ווי שווער איז צו זיין אַ יוד!..

ר׳ בנימין: נאָר דאָס האָסטו מיר געהאַט צו זאָגען? אויב דאָס אַליין געפעלט עס מיר... לאַנג האָט געדויערט ביז דו ביסט צו דער רעכטער מחשבה געקומען... אפשר האָט דאָס וואָרט פאַר דיר אַנ׳אַנדער באַשייד — וויל איך פון איהם נישט וויסען. יעדערער באַשייד דאָס וואָרט „יוד" אויף זיין לשון. — לאָז מיך שוין די ווערטער דיינע פערשטעהן ווי איך וועל קענען...

שרה: (זי קומט אריין און בלייבט איבערראַשט, זעהענדיג יחיאל׳ן מיטן פאָטער צוזאַמען)

ר׳ בנימין: אַט איז די מאַמע אויך... זעהסטו, דו ביסט געקומען שפּעטער פון אַלעמען. — יחיאל איז דאָך געקומען צו אונז צופאָהרען. — דו דערקענסט איהם נישט?...

יחיאל: (ער גלייכט זיך פלוצלונג אויס. זיכער:) ניין, מיין פאָטער, איך וויל אַליין דעם באַשייד פון מיינע פריהערדיגע ווערטער ערקלערען. (ס׳הערשט אַ טויטע שטילקייט)

ר׳ בנימין: (ווערט נידערגעשלאָגען דער קאָפּ זינקט אויף זיין ברוסט)



# צווייטער אַקט.

---

אַ קליינער גאָרטען ; פערלאָזען און ניט אויפגעפּאַסט . די בלעטער אויף די בוימער געלבען שוין און האַלטען ביים אַראָבפאַלען . רעכטס אָנ-איינגעפאַלענע אַלטע הילצערנע באַנק און דער ערד איינגעגראָבען . און דעם הינטערגרונד זעהט זיך אַ וואַנד פון ר' בנימינס הויז און דאָס פענסטער וואָס קומט אַרויס אין גאָרטען אַריין . דורך דעם פענסטער זעהט זיך ר' בנימין אויף זיין שטענדיגען אָרט , נעבען טיש , ביים אָפענעם ספר . פון צייט צו צייט מערקט זיך ווי ער שטעהט אויף פון זיין אָרט און געהט אום אויף און אָב איבערן צימער , און באַלד ווידער פערנעהמט ער זיין פלאַץ . אין צוים פון גאָרטען , לינקס , צום הויז צו , איז פאַרהאַנען אַ פערטעל , אַרויסצוגעהן פון גאָרטען . פריהמאָרגען .

**דינה** : (זי זיצט אויפ'ן באַנק , דער קאָפּ אַראָבגעלאָזען , די הענד אויף ביידע קניה ; האָפנונגסלאָז) .

**שרה** : (קומט אַריין אין גאָרטען , רופט :) **דינה ! ביסט אין גאָרטען ?**

**דינה** : (הויבט לאַנגזאַם אויף איהר קאָפּ . אויפ'ן געזיכט רוהט אַ שטילער טרויער און דער בליק איהרער בלאָנדזשעט אַרום . זי וואַרט שווייגענדיג ביז די אַלטע וועט זיך צו איהר דערנעהנטערן)

**שרה** : (קומט צו נאָהנט) **כ'האָב פערשטאַנען , אז דאָ ביסטו . דו**

װיצסט שוין דאָ לאַנג ?

דינה : (גאַנץ גלײַכגילטיג) איך װײס אַלײן ניט װי לאַנג איך זיץ דאָ. (בײדע שװײגען)

שרה : דו װעסט אפשר גײן אין שטוב אַרײַן ?

דינה : נאָך װאָס ? דאָ איז דאָך בעסער.

שרה : װאָלסט דאָך אין שטוב אַרײַנגעגאַנגען.

דינה : נו, געװיס װעל איך אין שטוב אַרײַנגײן... איך האָב געמײנט, אַז נאָר בײַם זונפאַרגאַנג איז שײן — די פריה־מאָרגענס, סוף זומער, זײַנען נאָך שענער.

שרה : אויף דער גאַס איז זומער שײן און װינטער שײן; פאַר־נאַכט שײן און בעגינען שײן — אָבער אין שטוב בײַ מיר װאָס טהוט זיך...

דינה : איז דען איצטער אַנדערש װי ס'איז געװען נעכטען, אָדער מיט צװײ טעג פריהער ?

שרה : ס'האָט נעכטען דער טרויער איבער מײַן שטוב גערוהט און איצטער איז אויך דאָס אײגענע.

דינה : בין איך דען שולדיג אין דעם ?

שרה : קען איך גאָר דיך בעשולדיגען ? איך װאָלט נאָר װעלען פון דײַן פּנים דעם טרויער אַראָבנעהמען.

דינה : נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג און מיר װעט שוין גוט זײַן.

שרה : (מונטערע) האָסטו דען גערעדט מיט יחיאל'ן אַזעלכעס ?..

דינה : איך ? נאָרניט.

שרה : (צוריק װי פריהער) טאָ װאָס דען רעדסטו אַזעלכעס ?

דינה : איך זאָג, אַז ניט שטענדיג לײַדט דאָך אַ מענש. ניט שטענדיג איז דאָך דאָס האַרץ פערקלעמט.

שרה : (ניט פערשטעהענדיג) אודאי בעדאַרף מען שטענדיג האָפען צו גאָט, מיט זײַן חסד איז אַלץ.

דינה : (זי מאַכט אַ פרעהליך פּנים) װאָס דאגה'ט איהר אַזוי פיעל ?

וואָס קלערט איהר אַזוי פיעל?

**שרה** : (ווישט די טרעהרען)

**דינה** : איך זאָג דאָך אייך, אַז נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג—און מיר וועט גוט זיין...

(שטיל אַ ווײַלע)

**שרה** : נעכטען האָב איך אַליין מײַנע אויגען ניט געגלויבט, ווען איך בין אין שטוב אַרײַנגעקומען און דערזעהן זיי בײדען אַזוי נאָהנט אײנער צום אַנדערן. ווער צו וועמען איז צוגעגאַנגען.

**דינה** : ס'האָט בײדען, אײנעם צום אַנדערן געצויגען... האָבען זיך בײדע געוואָלט, אײנער פאַר'ן אַנדערן אויסרעדען. בײדען איז שווער געווען אַזוי לאַנג אויפ'ן הארצען, אַזוי פיעל שווערע געדאַנקען צו טראָגען.

**שרה** : און וואָס האָבען זיי גערעדט? גאָרניט!

**דינה** : זיי האָבען גאָרניט גערעדט, ווייל זיי ווען זיך בײדע שוין קײנמאָל ניט קענען צוזאַמענרעדען. אפשר וואָלט גלײַכער געווען, ווען זיי בלײַבען נעכטען אויך פון ווײַטען אײנער פון דעם אַנדערן.

**שרה** : וואָס שאַדט עס?

**דינה** : כ'ווייס, אפשר שאַדט עס. פריהער האָב איך נאָך געהאָפט און איצטער איז שוין די לעצטע האָפנונג באַלד פערלאָשען געוואָרען.

**שרה** : וואָס איז דער חילוק?

**דינה** : איך האָב געמײנט, אַז דער פעטער וועט מיט איהם רעדען, וועט ער זיך אפשר פערענדערן. וועט ער איהם אפשר קענען בעווייזען, אַז ניט גוט טהוט ער.

**שרה** : מיט דעם וואָס ער האָט זיך אַזעלכע געדאַנקען אין קאָפּ אַרײַנגענומען?

**דינה** : ניין; געגען זײַנע געדאַנקען ווייל איך גאָרניט האָבען. איך האָב גאָר קײן העזה ניט צו טראַכטען וועגען זיי און

זיין איהם מיט עפּעס רערווידער. ניט פאר מיין שכל איז עס צו בעגרייפען.

**שרה**: וואָס זשע דען?

**דינה**: כ'האָב געמיינט... (שמייכעלט ביטער) אַך, וואָס איך האָב געמיינט... (זי פערדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד)

**שרה**: (זעצט זיך נעבען איהר און ביידע שווייגען אַ לאַנגע צייט)

**דינה**: (ניט אָבוועגדיג דעם קאָפּ אין שרה'ס זייט) און מיט'ן פעטער וואָס האָט איהר גערעדט?

**שרה**: ער ווייסט פון אַלץ. קיין זאַך פון איהם קיין סוד נישט... און איך ווייס אויך אַלץ וואָס דיר קומט אויס איבערצוטראָגען... אַז זייער הארץ איז גאָר אַנדערש; דו קענסט זיך גאָר צו זיי נישט אויפהויבען. און וואָס מיינסטו האָב איך געוואָלט? איך האָב געוואָלט זיין דאָס שטויבעלע פון אונטער זיינע הייליגע פיס. און וואָס? קענסטו אפילו צום שטויבעלע אויך נישט זיין געגליכען.

**דינה**: און אַז איהר זענט יונגער געווען?

**שרה**: מיט מיר איז דעמאָלט געווען גאָר עפּיס אַנדערש.

**דינה**: וואָס האָט איהר דעמאָלט, אין מיינע יאָהרען, געפיהלט?

**שרה**: אַז ביי מיר איז געווען צוויי יאָהר נאָך דער חתונה, האָב איך שוין יחיאל'ן אויפ'ן האַנד געטראָגען; און אַ יאָהר נאָך מיין חתונה האָב איך איהם שוין דעמאָלט אינטערן האַרצען געטראָגען.

**דינה**: וואָס האָט איהר דעמאָלט געשפּירט? געטראַכט?

**שרה**: פון וואָס דעמאָלט טראַכט אַ מאַמע? דאָס איז שוין, מיין לעבען נישט אויסצודערצעהלען... ווען דאָס קינד האָב איך נאָך אין מיין לייב געפיהלט, אין מיינע אָדערן געפיהלט, האָט מיין לייב אַ ליעבע וואַרימקייט דורכגענומען און ליכטיגע חלומות האָבען זיך אין מיין קאָפּ געשפּונען. און אַז איך האָב שוין אונטערן האַרצען זיין גופּעלע צום ערשטען מאָל דערשפּירט — איז דעמאָלט

די גאַנצע וועלט אויף איין רגע ווי פערשטעלט געוואָרען נאָר באַלד האָט זי זיך ווידער בעוויזען פאר מיר, אָבער שוין אַ שענערע, אַ ליכטיגערע... און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אין מיטען וועלט, אויף אַ גרויסער גאָלדענער שטוהל זיצט איך — די מאַמע, וואָס טראָגט אַ קינד אונטער איהר יונגען הארצען... און אַז איך האָב די ערשטע וועהען דערפיהלט, איז מיר מיין לייב קאַלט און ווידער הייס געוואָרען און איך האָב געשפירט, אַז איך אַליין שטאַרב שוין; עס שטאַרבט די פריהערדיגע אָרימע שרה און עס ווערט געבאָרען אַן׳אַנדערע שרה: — אַ רייכערע, מיט גאָטס חסד בעשאָנקען און מיט זיין גוטען רצון בעווילינגט... און אַז מיר איז ווידער אין די אויגען ליכטיג געוואָרען און מען האָט מיר בעוויזען מיין נייגעבאָרען עופ׳עלע — בין איך שוין דעמאָלט נישט די אייגענע געווען... אַ קול פון אַ מלאך אין הימעל האָט אין מיינע אויערן געקלונגען: „אַ מאַמע ביסטו... אַ מאַמע ביסטו"... און גאָר אָהן אַ סוף געזאַנגען האָבען זיך אַרום מיר געגאָסען און געזונגען: „אַ מאַמע ביסטו... אַ מאַמע ביסטו"... און אַז איך בין פון דעם זיסען געזאַנג מיעד אַנטשלאָפען געוואָרען האָט זיך מיר געחלומט: אויף אַ גאָלדענעם בעט האָט מען מיך אַנידערגעלעגט און גאָטס מלאכים טראָגען מיך מיט׳ן בעט אין הימעל אַריין און ווינקען דערביי: „אָט איז די מאַמע... אָט איז די מאַמע"...

**דינה**: (ווי אין חלום) און ווייטער...

**שרה**: און ווייטער... וואָס קען איך דיר נאָך אַזוינס דערצעהלען, איך זאָל דיר דיין הארץ גרינגער מאַכען?

**דינה**: וועט עס גאָר קיין סוף ניט נעהמען? (שטעהט אויף און געהט אום אויף און אָב)

**שרה**: (קוקט נאָך דינה׳ן און שאָקעלט פערזאָרגט מיט׳ן קאָפּ)

**דינה**: (זי שטעלט זיך אָב אַנטקעגען שרה׳ן) איך וויל אמאָל זיין שטאַרקער פון זיך אַליין. איך וויל אַמאָל טראַכטען, אַז מיט

דער דאָזיגער שטוב (בעווייזט צום שטוב) האָב איך שוין קיין שום שייכות ניט ; אַז די שטוב איז נישט מעהר ווי אַ דירה, וואו איך בעדאַרף זיצען און פון דערווייטענס נאָכ־קוקען זיינע טריט. לעבען מיט זיינע מחשבות, וועלכע איך פערשטעה ניט אַזוי גוט און וועלכע ער האַלט אַזוי פערבאָרגען פון מיר ; הערען אַמאָל זיין שטימע און ניט דערווידערן זיינע פערלאַנגען, וועלכע איך פערשטעה ניט אַזוי גוט...

**יחיאל** : (קומט אָן. טראָגט בלעטער פּאַפּיר פערשריבענע. ער מערקט זיי ניט)

**שרה** : אָט, געהט יחיאל. גוט וואָס ער געהט. איך וועל אַליין מיט איהם רעדען.

**דינה** : (האַפּט איהר פּאַר׳ן האַנד) טהוט עס ניט, כ׳בעט אייך. דאָס איז איצטער זעהר ווייט פון איהם.

**שרה** : רעד דו מיט איהם.

**דינה** : אָט זעהט איהר דאָך, אַז ער מערקט מיך גאָרניט.

**שרה** : ניין, מיין קינד, דאָס זוכט ער דיך... זעהסט דאָך, אַז ער זוכט דיך.

**דינה** : אפשר.

**שרה** : ער געהט אַהער — רעד מיט איהם, רעד מיט איהם...
(זי געהט אַרויס פון גאָרטען)

**דינה** : (בלייבט זיצען אונרוהיג. זי קוקט נאָך אָנגעשטרענגט יעדע בעוועגונג יחיאל׳ס)

**יחיאל** : (ער דערנעהנטערט זיך אינסטינקטיוו, פערקלערט צו דינה׳ן. ער בעמערקט זי פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקען.)

**דינה** : (זי ציטערט אויך אינסטינקטיוו אויף שיער ניט אויסשרייענדיג. בייד בלייבען אַ ווײַלע שטעהן פערוואונדערט.)

**יחיאל** : וואָס האָסטו זיך דערשראָקען ?

**דינה** : דו האָסט זיך אויך דערשראָקען.

**יחיאל** : איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נאָך. איך האָב ניט

געקלערט צו טרעפען דיך אזוי פריה אויף דעם ארט.

**דינה**: (שטעהט אויף) איך וועל דיך לאזען. איך געה אין שטוב אריין.

**יחיאל**: פארוואס דען?

**דינה**: דו ווילסט דאך געוויס אליין בלייבען.

**יחיאל**: פון וואנען ווייסטו עס?

**דינה**: האסט דאך אויסגערעכענט, אז איך שלאף נאך. (ביידע שווייגען, קוקען זיך גלייך אין די אויגען)

**דינה**: וואס וואונדערט דיך אזוי, וואס איך בין היינט פריה אויפגעשטאנען? איך שלאף ניט ביינאכט דעריבער שטעה איך פריה אויף.

**יחיאל**: שלאפסט ניט ביינאכט...

**דינה**: האסטו צער דערפון... וואס מיינסטו איז די סבה? ס'איז זיך גלאט אזוי.

**יחיאל**: ווילסט מיך בערוהיגען? ס'איז ניט נויטיג.

**דינה**: ניט נויטיג?

**יחיאל**: ווייל מיך בערוהיגען איז שוין איצטער שווער.

**דינה**: איך ווייס עס אליין זעהר גוט.

**יחיאל**: (ער זעצט זיך) זעץ זיך, דינה; גוט, וואס כ'האב דיך דא געטראפען. איך וויל מיט דיר וועגען עפּיס וויכטיגעם רעדען.

**דינה**: (זי קוקט אויהם פערוואונדערט אן)

**יחיאל**: איך מיין, אז גלייכער איז, איך זאל דיר פערטרויען וואס איך טראכט; ווארום צו דיין הילף וועל איך דאך ביי דא־פען אנקומען.

**דינה**: דו צו מיין הילף?

**יחיאל**: אנדערש וועט עס ניט קענען זיין... איך בין געקומען צו דעם בעשלוס, אז כדי קיינער פון אונז זאל קיין אומזיסטיגע ליידען ניט האבען, זאל איך פון מיין פאטערס

הויז אַוועקגעהן.

דינה : איך האָב עס אַליין געטראַכט. כ'האָב נאָר ניט געוואָלט דיר די ערשטע זאָגען וועגען דעם.

יחיאל : ווי זאָל איך וויסען, וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס קען אויפ'ן פאָטער און אויף דער מוטער האָבען? אייגענטליך האָט עס מיר די מוטער אַליין געהייסען: גלייכער, זאָגט זי, אַז דו וועסט אונז צורוה לאָזען.

דינה : דו ווילסט וואַרטען ביז דער פאָטער וועט זיך צו דיר ווענדען? כ'מיין, אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן. אויב ער האָט געקענט גאַנצע צוויי יאָהר מיט דיר ניט רעדען און אין דער אייגענער צייט זיין אין האַרצען אַזוי נאָהנט צו דיר, אַזוי ליעב צו דיר בלייבען... איך וועל דעם נעכטיגען אָוענד קיינמאָל ניט פערגעסען.

יחיאל : איך וועל עס אויך קיינמאָל ניט פערגעסען. מיט קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט ער מיך ניט געקענט אַזוי מנצח זיין ווי מיט זיינע איינפאַכע פאָטערליכע וואַרימע ווערטער נעכטען אין אָוענד... אַזוי פיעל יסורים פערטראָגען; אַזוי פיעל ליידען און אין דער אייגענער צייט אַזוי קענען שלום מאַכען מיט'ן, אייגענעם גורל. — אויף דעם איז נאָר פעהיג דאָס נאַרישע, לעכערליכע און אין דער אייגענער צייט — וואונדערליכע יודישע האַרץ — אָבער מעהר קיינער ניט, קיינער ניט.

דינה : מיט וואָס איז עס נאַריש?

יחיאל : ווייל קיין שום האַרץ קען נישט איבערטראָגען אַזוי שטיל בעליידיגונגען ווי דאָס יודישע, און איך געפין, אַז מענשען בעדאַרפען ניט ליידען; און קיין מענש אין דער וועלט האָט נישט דאָס רעכט אָנצוהענגען דעם צווייטען צרות מאָראַלישע, קערפּערליכע, בלויז דערפאַר ווייל ער אַליין קען אַליץ גרינג פערטראָגען. ווען מיך זאָל ניט שמירען אין קייטען דער חוב פון „כבוד אָב ואם", וואָלט איך מיט דער גרעסטער דרייסטקייט צו מיין פאָטער זיך געווענדעט און איך וואָלט ביי איהם געפרעגט;

„פאַרוואָס, פאָטער, האָסטו מיך אויף דער וועלט גע־בראַכט? מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו אַ מענש בעשאַ־פען אויף דער ערד, ער זאָל אַ יוד זיין; אַ פערוואָלגער־טער זיין צווישען טויזענדער פרעמדע וועלטען?!" און אויב אַלע מענשען ליידען, ליידט דאָך דער יוד פיעל־פאַכיגער, און אַזוי ציהט זיך עס דורות־לאַנג און פאַר־וואָס?... צוליעב וואָס, דינה? און דער דאָזיגער „פאַר־וואָס?" בעדאַרף מיט פייערדיגע אותיות אין לופטען זיך טראָגען און אָנצינדען דאָס האַרץ פון דעם ניט־יודען, ביז דער מענש וועט ערנסט איבער זיין שיקזאַל זיך פער־קלערען... — איך וויל ניט, אַז נאָך מיר זאָל בלייבען נאָך איינער, אַזעלכער ווי איך, און וועלכער זאָל אומ־געהן מיט אַזעלכע פינסטערע געדאַנקען ווי איך, און וועלכער זאָל אויף מיר, דעם ליידענדען, ווי אויף אַ מערדער קוקען — טראָגענדיג אַ קללה אין האַרצען און דאָך פערבייסען די ליפען ביז בלוט — און שווייגען; פערבייסען די ליפען ביז בלוט און ניט קענען אַרויסרע־דען דאָס וואָס די נשמה לעבט איבער בלויז דערפאַר, וואָס די עלטערן מיט זייער נאַרישער ליעבע האָבען דיר דיין מויל פערשלאָסען פון אַ קללה און לעסטערונג...

**דינה**: און וואָס זאָל איך מיט מיינע געפיהלען טאָן? קען איך זיך דען פון מיין האַרץ אָבזאָגען?

**יחיאל**: מען מוז זיך אַמאָל צום שכל צוהערען.

**דינה**: ווען איך זאָל וועלען פאָלגען, וואָס מיין שכל הייסט מיך, האָב איך דיך בעדאַרפט אַוועקוואַרפען; צורייסען מיט דיר, מיט דער דאָזיגער שטוב; אָן אַלץ פערגעסען און אַנטלוי־פען פון דאַנען וואוהין די אויגען וועלען מיך טראָגען... איך קען עס אָבער ניט טאָן. מיינע הייסע געפיהלען האָבען מיך ווי מיט אייזערנע קייטען צו דער שטוב צו־געבונדען. איך קען קיין מינוט ניט איבערלעבען, איך זאָל דיך ניט זעהן און דיין קול ניט הערען. זעהסטו דען ניט, ווי איך גיה דיר נאָך ווי אַ שאָטען? איך ווייס, אַז איך מאַך דיר אויף יעדען טריט שווער און דאָך...

יחיאל : איך טראַכט שטענדיג וועגען דיר ווי וועגען דעם מענשען, וואָס טראָגט אַ שווערען לאַסט אויף די פּלייצעס ניט ווי־סענדיג פאַרוואָס מען האָט איהם אויף די פּלייצעס אַרויפ־געלעגט, און דאָך וויל איך האָפען, אַז מיינע געדאַנקען וועלען דיר ניט זיין פרעמד.

דינה : וואָס קען איך אָבער מיט מיין הארץ מאַכען? שוין באַלד צוויי יאָהר נאָך אונזער התונה... איך קען ניט מעהר... דער פאָטער מיט דער מוטער קוקען מיך אָן מיט שטומע בליקען און איך ווער רויט פאַר בושה... איך ווייס וואָס זיי פרעגען ביי מיר מיט זייערע בליקען... איך שעם מיך און ווייס אַליין ניט פאַר וועמען און פאַרוואָס... דו ביסט ביי זיי דער איינציגער און מיר דאַכט זיך, אַז אויב דו וועסט זיין דער לעצטער דאָ אין שטוב, וועל איך אַליין דעם שולד דערפון בעדאַרפען טראָגען.

יחיאל : (ווי פאַר זיך) יאָ, דער לעצטער...

דינה : און איך אַליין... איך וועל עס ניט קענען איבערטראָגען. ציי ווייסטו דען ניט די חובות פון אַ אשה און דאָס הארץ איהרס? איך קען עס שוין ניט מעהר. הער ווי איך רעד צו דיר; דערקענסטו דען ניט אין מיין קול ווי איך לייד? זעה דאָך, ווי אַ קליין קינד רעד איך צו דיר... איך טאָר עס ניט... (זי רעדט שטיל, מיט פערבאָרגענע ליידענ־שאַפט) איך ליעג ביינאַכט אויף מיין געלעגער מיט אָפענע אויגען און איך חלום... און איך זעה זיך אַליין ווי איך בין אַ מוטער געוואָרען. אינ'ם וויעגעלע שלאָפט דאָס קינד מיט ראָזיגע, ליכטיגע בעקליך און איך זיץ פון ווייטען און קוק מיט איינגעהאַלטענער שמחה. די מילך אין מיינע בריסטען קלייבט זיך און וועקט אין מיר מוטערלי־כע לוסט, און איך וואַרט אונגעדולדיג, מיין קינד זאָל שוין אויפשטעהן און איך וועל עס מיט מילך פון מיין איינגענעם לייב אָנזויגען... און דערנאָך וועט עס ווידער די אויגעלעך פערשליסען און איך שטעה ווידער נעבען דעם און קוק פון ווייטען מיט אַזוי פיעל מוטערליכע ליע־

בע... נאָר וואָס קומט אַרויס, איך רעד און דו פֿער־שטעהסט עס ניט.

**יחיאל** : (ער גלעט איהר קאָפּ) וואוהין ווילסטו פון דאַנען אַוועקגעהן?

**דינה** : (זי קוקט איהם פֿערוואונדערט אָן)

**יחיאל** : וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?

**דינה** : מיינסט אין אמת'ן, איך זאָל אַוועקגעהן?

**יחיאל** : וואָס ציטערסטו אַזוי?

**דינה** : וואָס האָסטו איצטער, נאָר־וואָס, געזאָגט?

**יחיאל** : איך מיין — וואוהין וואָלסטו געגאַנגען, אויב דו מיינסט די שטוב צו פֿערלאָזען?

**דינה** : איך וועל דאָך געהן מיט דיר; וואוהין דו וועסט וועלען — אַהין וועל איך געהן.

**יחיאל** : האָב איך שלעכט פֿערשטאַנען.

**דינה** : (מיט שרעק) ווילסטו, איך אַליין זאָל פון דאַנען אַוועק־געהן?!... וואָס שווייגסטו? זאָג מיר. וועסט הייסען, וועל איך פון דאַנען אַוועקגעהן.

**יחיאל** : ניין; איך וויל ניט, דו זאָלסט פון דאַנען אַוועקגעהן.

**דינה** : (זי טוליעט זיך צו איהם ווי אַ צושראָקענע טויב) רעד עס ניט מעהר... רעד עס ניט מעהר — קיינמאָל ניט.

**יחיאל** : האָסט דאָך פֿריהער אַליין געזאָגט, אַז צייטענווייז ווילט זיך דיר פון דאַנען אינגאַנצען אַוועקגעהן.

**דינה** : ווי קען איך גאָר זאָגען אַזעלכעס? ווי קען איך גאָר טראַכטען דערפֿון? אַז איך האָב זיך אינגאַנצען מיט דיין נשמה צוזאַמענגעגאָסען? און אַז איך רעד מיט דיר, ציטערט מיין גאַנצער וועזען. ניין; ביז דו וועסט מיר ניט הייסען, וועל איך קיינמאָל פון דער שטוב ניט אַוועק־געהן... צוליעב דיר נאָר שעץ איך דיין פֿאָטער אַזוי שטאַרק. ווייל ער האָט דיך, מיין נשמה, אויף דער וועלט געבראַכט. און די גאַנצע צוויי יאָהר וואָס ער האָט

מיט דיר ניט גערעדט, בין איך דאָך ווי אַ ליכט אויסגעגאַנגען. און נעכטען, אַז ער האָט צו דיר דאָס ערשטע וואָרט אויסגערעדט, האָבען זיך פאַר מיר אַלע הימלען אויפגעעפענט.

יחיאל : יחיאל, ווי אומגליקליך דו ביסט!

דינה : מיט דעם וואָס איך שפיר זיך אַזוי נאָהנט צו דיר?

יחיאל : יאָ.

דינה : האָסט עס ביז איצטער ניט געוואוסט?

יחיאל : אויף אַזוי פיעל האָב איך ניט געוואוסט.

דינה : (ציטערט פאַר אויפרעגונג) וואָס וועט איצטער זיין?

יחיאל : איצטער איז מיין פערצווייפלונג נאָך גרעסער געוואָרען.

דינה : גאָט מיינער! פאַרוואָס? צי געה איך דען אפריהער אויף דיין וועג? דו געהסט דאָך אפריהער, און איך שטער דיר ניט. בלויז ווי אַ שאָטען געה איך דיר נאָך און מיט אַלע כחות בעמיה איך מיך דיר ניט צו שטערען.

יחיאל : ס'איז ניט אמת.

דינה : ווי דען?

יחיאל : דו געהסט אפריהער און פערשטעלסט מיר מיין וועג.

דינה : איך?!

יחיאל : יאָ, דו.

דינה : ווי קען עס גאָר געמאָלט זיין? ווער בין איך? וואָס בין איך? אַ שטויבעלע און מעהר גאָרניט.

יחיאל : זאָג מיר פעסט און קלאָר: — ווילסטו מיר אין מיין וועג ניט שטעהן?

דינה : דאָס הייסט, איך זאָל דיר ניט שטערען... ווי קען עס גאָר אַנדערש זיין?

יחיאל : זיי וויסען, דינה, אַז פון מיר וועסטו קיינמאָל קיין מוטער ניט ווערען.

**דינה** : (בלאָס) פאַרוואָס?

**יחיאל** : איך האָב פריהער דיר וועגען דעם עטוואָס אָנגעוואונקען, נאָר דו האָסט מיך ניט פערשטאַנען. איך וועל דיר איצטער אַלץ קלאָר און אָפען אַרויסזאָגען — דו זאָלסט מיך פערשטעהן.

**דינה** : (אונגעדולדיג) פאַרוואָס? שוין זאָג מיר, פאַרוואָס?...

**יחיאל** : דו ווייסט פון מיר קיין קינד אונטער דיין הארצען ניט טראָגען, ווייל איך וויל קיין פאָטער ניט זיין און וויל ניט ברענגען קיין קינדער אויף דער וועלט. (ס'הערשט א ווײַלע אַ טויטע שטילקייט)

**דינה** : (צושראָקען) ניין, ס'איז ניט אמת!...

**יחיאל** : דו האָסט דאָך אַליין פערלאַנגט פון מיר, איך זאָל דיר אַלץ קלאָר אויסזאָגען.

**דינה** : ווי קענסטו גאָר אַזעלכעס פון דיין מויל אַרויסזאָגען?

**יחיאל** : איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט זיין פאַר דיר דאָס שרעקליכסטע; און לאַנג קלייב איך זיך שוין דיר עס צו זאָגען. פריהער, דו ביסט נאָך עטוואָס יונגער געווען, האָסט נאָך אַזוי פיעל פון מיר ניט געמאָהנט... דיינע אויגען ווען זיי האָבען געבליקט צו מיר האָבען ניט אויסגעדריקט אַזוי פיעל חנינה. — נאָר איצטער איז די צייט געקומען, אַז איך זאָל פון דיר מעהר קיין סודות ניט בעהאַלטען — און הער:

מיין פאָטער איז אַ גרויסער יוד. אַזוי האַלט פון איהם גאַנץ שטאָדט; אַזוי טראַכט וועגען איהם די גאַנצע געגענד און איך אַליין האָב נאָך אויך ביז איצטער אַנדערש וועגען איהם ניט געקלערט, און אַזוי טראַכט איך איצטער אויך וועגען איהם. און יעדעס מאָל, ווען די ווערטער האָבען זיך מיר פון הארצען געריסען און איך האָב זיך געוואָלט ווענדען צו איהם, אַרויסזאָגען איהם דאָס, וואָס פאַר איהם וואָלט דאָס שרעקליכסטע געווען; וואָס איהם — אַלס פרומען יודען וואָלט עס די

גרעסטע שמערצען פערשאַפט, — דאַן האָב איך בין בלוט מיינע ליפּען פערביסען און יענע ווערטער פאַר'ן מויל ניט אַרויסגעבראַכט... יאָ, האָט מיך מיין פאָטער געלערנט צו וויסען, אַז איך בין אַ יוד. און ווען דורות האָבען זיך געצויגען ווי וואָלקען איבער אונזערע קעפּ האָט ער דעמאָלט ווי אַ צושראָקענער פויגעל איבער מיר געציטערט און שטיל מיר אין אויער געשעפּטשעט: „אַ יוד ביסטו, אַ יוד ביסטו!"... און יודען — זאָגט ער — זענען אויף דער וועלט בעשאַפען געוואָרען, די וועלט צו לערנען. יודען בעדאַרפען דעם גאַנצען לעבען נע־ונד זיין און די מענשען צו לערנען. מיר זענען גאָטס עדה; אויף דעם האָט אונז גאָט בעשאַפען. און שכר פאַר אונזער תורה בעדאַרפען מיר מיט שטראָף בעקומען. דערמיט וואָס אַלע בעשטראָפען אונז... הערסט? מיר זענען די לעהרער, וואָס אונזערע תלמידים צאָהלען אונז מיט בלוט פון אונזערע אייגענע קינדער!.. פון אָנהויב האָב איך אין דעם געגלויבט גאָר בלינד. נאָר מיט דער צייט איז דער גלויבען אין מיר אַזוי שטאַרק געוואָרען, אַז איך האָב שוין שפּעטער אַלץ כמעט מיט'ן שכל פערשטאַנען. — וואָרום איך קוק אויף מיין פאָטער און איך קען קיינעם צו איהם ניט גלייכען: געבאָרען געוואָרען אַ מדריך צו זיין און דאָך איז ער יעדע מינוט גרייט עונש אָבצוקומען. יעדע רגע גרייט דאָס לייב זיינם אונטער דעם אייזערנעם קאַם אונטערצושטעלען... אַזוי האָט עס לאַנג געדויערט. נאָר מיט אַמאָל האָט מיין געדאַנק אויפגעפלאַקערט און כ'האָב דערזעהן ווי ווייט איך האָב אַ טעות; ווי ווייט איך אַליין בלאָנדזשע, מיט דעם, וואָס איך גלויב מענשען, וועלכע בלאָנדזשען שוין דורות־לאַנג. און מיט אַלע מיינע חושים, מיט'ן גאַנצען וועזען מיינעם האָב איך דערשפּירט, אַז אַלץ, אין וואָס כ'האָב אַזוי זיכער און רוהיג געגלויבט, איז נאַריש געווען, — ניט פאַלש, נאָר נאַריש און אונזיניג...

לעבט אַ פאָלק שוין טויזענדער יאָהרען און זיין גרויסקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס עס ווייסט צו דער־

צעהלען, און צעהלען וויפיעל מאל מען זאט איהם אויפ'ן פייער געברענט; וויפיעל מאל מען האט זיין לייב געריסען. ווי אין דעם וואלט אונזער גרעסטער גליק בעשטאנען, וואס מיר קענען אהן א סוף אונזערע צרות אויסרעכענען... — אבער צוליעב וואס איז דאס ליידען געגעבען געווארען? דאס ליידען אליין — צוליעב וואס?! אויב דער יוד בעדארף די פעלקער לערנען און אויפ'ן רעכטען וועג ארויספיהרען — דאן זאל ער דורך זיין אייגענעם ליידען צו דער תורה קומען, אז דאס ליידען בעדארף פערניכטעט ווערען און אומקומען! אומקומען דארף צום ערשטען דער וואס ווייסט, אז זיין גורל איז צו פלאגען זיך זיין גאנצען לעבען!... און דעם דאזיגען אמת זאל דער יוד אין לעבען ארויסטראגען, צום מענשען ברענגען... זאל עס וויסען יעדערער, סיי פון אונזער פאלק, סיי פון דער פרעמד, וואס האט א הארץ און דאס הארץ פלאגט זיך — אז דורך א טעות לעבט דער מענש אויף דער ערד. צוליעב אייגענע נארישקייטען איז ער פערוואגעלט; און די וואס האבען שוין דערשפירט דעם ביטערען סוד פון לעבען און דעם אונבעטערקטען גיפט וואס מיר אטעמען אין זיך צוזאמען מיט דער לופט — די אלע וואס שפירען עס — זאלען זיי די לעצטע אויף דער ערד זיין און מיט זיי אליין זאל זיך זייער אייגענער לעבען ענדיגען!...

**דינה** : (וועלכע האט די גאנצע צייט מיט אנ'איינגעהאלטענעם אטעם צוגעהערט)
א, ווי שרעקליך עס איז!

**יחיאל** : זאל עס זיין שרעקליך פאר די וואס ווילען לעבען אויף דער ערד ווי ווערים; זיך פרוכפערן און נייע דורות נאך זיך אויפשטעלען.

**דינה** : אבער וואס זאל איך טאן?

**יחיאל** : אויב דו ביסט א יודישע טאכטער — גיב זיך אונטער דיין גורל.

דינה : און שטענדיג ליידען ?

יחיאל : אפשר ניט שטענדיג.

דינה : בעדארף איך דאך דערצו שטארבען און נאך אמאל געבוירען ווערען, מיט אנדערע כחות, מיט אנדערע געדאנקען, איך זאל עס קענען איבערטראגען . . . אבער איך וועל עס ניט קענען, איך וועל עס ניט קענען . . . א, יחיאל . . . (זי הויבט זיך אויף פון איהר ארט און הויבט אן וויינען אויפ'ן הויכען קול, ווי איינער וואס בעקלאגט א גרויס אומגליק, און מיט דעם דאזיגען געוויין לאזט זי זיך געהן אין צווייטען עק גארטען).

יחיאל : (ער בלייבט אויף זיין ארט, דער קאפ צו דער ערד געזונקען. אין יענער צייט קומט אן ר' בנימין אנגעלעהנט אויף א שטעקען).

ר' בנימין : (ער קוקט זיך ארום, ווי ער וואלט עמיצען זוכען)
ווער וויינט עס דא אין גארטען ? . . . כ'האב שוין לאנג אזא געוויין נישט געהערט ; אזוי אויפ'ן הויכען קול . . . נישט אנדערש דער עלענד האט עס געוויינט . . .

יחיאל : (שטעלט זיך אויף, ווען ר' בנימין דערנעהנטערט זיך צו איהם) דאס האט דינה געוויינט נאר-וואס, איידער דו ביסט אנגעקומען.

ר' בנימין : דינה ? וואס איז די סבה ?

יחיאל : צוליעב מיר האט זי געוויינט.

ר' בנימין : האסט עס מיט דיין אייגענעם ווילען געמאכט אזוי, זי זאל וויינען ?

יחיאל : יא . . .

ר' בנימין : מסתמא נישט איצטער ערשט האט זיך די סבה אנגעהויבען, צוליעב וועלכער זי האט געוויינט ?

יחיאל : ניט איצטער.

ר' בנימין : און וואס בעשטעהט עס ?

יחיאל : זי וויל, איך זאל געהן נעגען מיין אייגענעם פערשטאנד און איבערצייגונג — זי וויל, איך זאל איהר קינדער געבען.

ר׳ בנימין : דאס הייסט, זי פערלאנגט פון דיר, דו זאלסט זיין א יוד, און דו ווילסט נישט. דאס מיינסטו ?

יחיאל : (שווייגט)

ר׳ בנימין : האב איך הייסט עס נישט פערשטאנען ?

יחיאל : זי פערלאנגט פון מיר קינדער ; נאר וויל איך בין א יוד, קען איך איהר פערלאנג ניט ערפילען.

ר׳ בנימין : (גאנץ איינגעהאלטען) איך פערשטעה נישט, ערקלער מיר.

יחיאל : איך בין צו דעם דורך מיין יודישקייט געקומען.

ר׳ בנימין : דורך דיין יודישקייט ?

יחיאל : יא, דורך מיין יודישקייט.

ר׳ בנימין : דאס הייסט, איך אליין האב עס דיך געלערנט ?

יחיאל : דיין תורה איז געוועזן דער פערפלאנצטער בוים, אויף וועל־כען דער דאזיגער געדאנק האט אויפגעבליהט... דו האסט מיך געלערנט : א מדבר איז די וועלט ; א מדבר מיט ווילדע חיות. און אין דעם מדבר, צווישען די וויל־דע חיות לעבט א שעפעלע אליין און אלע חיות שארפען אויף איהם זייערע ציינער. און דאס הארץ פונם שעפעלע פאכט פאר שרעק ; טאג און נאכט פאכט עס פאר שרעק. — נאר צורייסען וועט עס קיינער ניט, ווייל דאס שעפעלע מוז לעבען, האטש אין שרעק — נאר לעבען מוז עס, ווייל אזוי וויל גאט...

ר׳ בנימין : אזוי וויל גאט... און דו גלויבסט נישט אין דעם ?

יחיאל : דורך דעם גלויבען בין איך צום געדאנק געקומען, צו־ליעב וועלכען דינה האט נאר־וואס געוויינט.

ר׳ בנימין : נישט אמת ! נישט דורך דעם גלויבען ביסטו דערצו גע־קומען. קיינמאל ברענגט נישט דער גלויבען צו טרעהרען און צו וויינען... קיינמאל נישט !.. שען איז דער קוואל וואס קוועלט אין פעלד צווישען די גרינע גראזען ; שען איז דאס שטראמיגע וואסער ווען דער פריהלינג רייסט פון דעם דאס אייז אראב ; שען איז דער הימעל

ווען דער ווינד האָט פון זײַן אויסגעשטערנטער בלויקײַט
די וואָלקען פערטריבען; אַלץ איז דאָך שען און פײַן —
נאָר שענער פון דעם אַלעמען איז די נשמה פון דעם
מענשען אין דער מינוט ווי זי גלויבט... דעמאָלט שפּי-
געלט זי אין זיך אָב דעם לויטערען קוואַל צווישען די
גרינע גראָזען; דעם מעלטינגען טײַך ווען ער שטראָמט
צווישען זײַנע ברעגען; און אַמאָל נאָך ווײַט איבער זײַנע
ברעגען גרײַכט ער; און אַלע זיעבען הימלען מיט אַלע
זײַערע ליכטיגע שטערען שפּיגעלט דעמאָלט די נשמה אין
זיך אָב... גלויבען, גלויבען... ביז צו דער לעצטער
רגע פון דעם מענשען זאָל דאָס הארץ דער גלויבען נישט
פערלאָזען. און גלויבענדיג זאָל די נשמה זינגען... און
גלויבענדיג זאָל זי זיך דערהויבען און בליהען...

**יחיאל** : יאָ, דאָס איז זעהר שען...

**ר' בנימין** : נאָר וואָס דען ווילסטו?

**יחיאל** : איך וויל מיך בעפרײַען פון דעם גלויבען, אַז יסורים זענען שען און אַז מיר זענען דאָס פײַער, דורך וועלכען די וועלט בעדאַרף זיך לײַטערן פון איהר שמוץ... און אַז אין דעם פײַער פון אונזערע הײַזער לײַטערט זיך די נשמה פון דער וועלט... (ביידע שווייגען)

**ר' בנימין** : (ער שפּירט זיך שוואַך; ער דערנעהנטערט זיך צום באַנק און בלײַבט דאָרט שטעהן. רעדט שוואַכער, מיט אַ נ'אײַנגעהאַלטענער אונרוהיגקײַט)
און נאָך דעם אַלעמען מײַנסטו נאָך און דו גלויבסט, אַז דו ביסט אַ יוד און מײַנס אַ קינד?

**יחיאל** : יאָ, איך גלויב... און אפשר וועט אונז בײדען גרינ-גער ווערען, ווען דו וועסט מיך אויסהערען (ער לעזט פון אַ פּאַפּיר, וואָס בײַ איהם אין האַנד) מײַן פאָלק, מײַן הארציג געליעבטעס, אָרימעס און עלענדעס פאָלק!

**ר' בנימין** : (געוועלטיגט שוואַכער מיט זיך) וואָס איז עס?

**יחיאל** : דאָס וועט זײַן מײַן צוואה אַלס יוד... (לעזט מיט אַ צי-טערנדיגער שטימע) מײַן עלענדעס פאָלק... אַ טײל פון דײַן

גרויסער נשמה איז מיר דורך מיינע עלטערן איבערגע-
ענטפערט געווארען. אין מיינע אדערן שלאגט דאס בלוט
פון דעם ערשטען פון דיינע קינדער וואס האט אויף זיך
דעם נאמען דעם אויסדערוועהלטען אנגעהויבען צו טרא-
גען און אין זיין הארצען טראגט ער דעם וועהטאג פון
דעם ערשטען וואס גלייך מיט דעם אויסדערוועהלטען נא-
מען זיינעם האט ער זיך פון דער ערד אבגעריסען. אויף
מיינע פלייצעס טראג איך א שווערען יאך. מיין לייב איז
געבונדען מיט שטריק, נאך אין די אוראלטע צייטען גע-
פלאכטענע, און פון אונטער די שטריק טריפט בלוט אויף
מיין וועג און אויף מיין שטעג. איך בין איינער פון דיי-
נע קינדער, וואס פיהלט דעם וועהטאג אזוי שטארק און
אזוי ביטער. און ווי ליעב איך זאל דיך ניט האבען און
ווי טייער דו זאלסט מיר ניט זיין, קען איך מיין פער-
שאלטען בלוט נאך מיר קיינעם ניט מאכען ירש'ענען,
און די יסורים פון מיין הארץ קיינעם ניט פערטרויען;
און מיין גורל נאך מיר זאל אינגאנצען פערלארען ווע-
רען — — — איך וויל אז מיין הארץ זאל אינגאנצען
פערשטיינערט ווערען: זאל קיין טרעהר פון קיין ליעב
קינד איהם ניט בעריהרען; זאל קיין וואונקען פון ליעבע
פרויען איהם ניט ווייכער מאכען און זאל אפילו דער
עלענד אליין מיך ניט מנצח זיין, כדי איך זאל זיך אין
דעם שוים פון א צווייטען אין מיין געשטאלט ווארפען און
אויף איין אויגענבליק זיך פערגעסען, נאר שפעטער זיך
אויפוואכען נאך עלענדער, נאך פערלארענער און לאזען
נאך זיך א גרויסען זינד א פערזייטען, פון וועלכען ס'זאל
שפעטער נאך מיר א דור וואקסען... א דור מיט לוסט
און לעבען אין דער יוגענד ווי איך — און שפעטער,
גלייך ווי איך, דערשפירען אין הארצען אנ'אבקלאנג פון
אלטע צייטען: — קירכען-גלאקען און געוויין פון קליינע
קינדער; תפילות בעטענדע און טרעהרען פערגאסענע;
א ריח פון בשמים און חייערך מיט'ן ריח פון מענשען-
פלייש געבראטענע.... איך וויל זיין דער לעצ-

טער פון מײַן פּאָטערס הויז און נאָך מיר זאָל קײן געדעכעניש ניט בלײַבען...

ר׳ בנימין: (שעפּטשעט) דער לעצטער... דער לעצטער... (ער לאָזט זיך אראָב אויפ׳ן באַנק)

יחיאל: יאָ, דער לעצטער, מײַן פּאָטער.

ר׳ בנימין: (הויבט אָן פון שוואַכקײט צו פאַלען אין א זײט.)

יחיאל: (שטיצט איהם און פאָרזיכטיג לעגט ער איהם אנידער אויף דער באַנק.)



# דריטער אקט.

## ערשטעס בילד.

דאס אייגענע צימער ווי אין דעם ערשטען אקט.
ארום האלבען טאג.

ר׳ בנימין: (ער בעווייזט זיך אין טיר פון זיין צימער, רעכטס, געפיהרט אונטערן האנד פון שרה׳ן. ער איז שטארק געעלטערט געווארען, אבגעשוואכט. זיין שטימע איז אויך כאר די לעצטע עטליכע טעג פערענדערט געווא־רען. ער קוקט זיך ארום וואו צו פערנעהמען אנ׳ארט.)

שרה: (איז געעלטערט און נידערגעשלאגען) אפשר זאל איך דיך גאר אויף דער גאס ארויספיהרען?

ר׳ בנימין: דאס וועט שוין זיין א ביסעל צופיעל פאר מיר.

שרה: איך וואלט דיך אין גארטען ארויספיהרען.

ר׳ בנימין: אך, דער גארטען... צו שפעט א ביסעל.

שרה: וואס הייסט, צו שפעט?

ר׳ בנימין: שוין דער זומער אוועק. שוין באלד אלע בלעטער אראב־

געפאלען. וועסט מיך צופיהרען צו מיין אלטען ארט נעבען פענסטער, און דאס פענסטער עטוואס עפענען (ער זעצט זיך אויף זיין ארט נעבען פענסטער)

שרה : דא וועט דיר טאקי גוט זיין. (עפענט דאס פענסטער) דוכט מיר, אז עס ציהט א קעלט פון דאנען.

ר' בנימין : ברייטער עפען אויף דאס פענסטער, וועט קיין ווינד ניט ציהען.

שרה : (זי עפענט אויף ברייט דאס פענסטער. עס בעוויזען זיך צווייגען מיט פערגעלבטע בלעטער)

ר' בנימין : ביינאכט מוז שוין רעכט קאלט זיין, וואס די בלעטער זענען מיט אמאל געל געווארען... נאר איצטער איז מיר גוט, זעהר גוט.

שרה : איך וועל דיר עפעס אונטערלעגען אונטערן פלייצע, דיר זאל גרינגער זיין צו זיצען.

ר' בנימין : וועט שוין רעכט זיין. איצטער וועסטו מיר דערלאנגען מיין ספר פון יענעם חדר.

שרה : (וויל געהן)

ר' בנימין : ווארט נאר איין ווילע.

שרה : (זי קוקט איהם אן אונרוהיג)

ר' בנימין : שטיל אין שטוב. א מערקווירדיגע שטילקייט. גאר נישט ווי אין האלבען טאג. (ביידע שווייגען)

שרה : זאל איך דיר ברענגען דעם ספר?

ר' בנימין : הערסט ווי דער זייגער טיקט? פון דעם דריטען חדר הערט זיך דאס טיקען זיינס. א מערקווירדיגע שטילקייט. (פון צווייטען צימער הויבט זיך אן צו הערען יחיאלס שטימע, וועלכע געהט ביסליכווייז איבער אין אנ'אויפגעקלערטען ניגון וואס ביים לערנען. ביידע וואכען אויף און אנגעשטרענגט הערען זיי זיך צו. ס'ווערט ווידער שטיל)

שרה : האסט געהערט?

ר׳ בנימין: וואָס זאָל עס הייסען?

שרה: ער לערנט.

ר׳ בנימין: און דו ביסט שוין דערמיט צופרידען?

שרה: כ׳ווייס... מיר דאַכט זיך אַלץ... גאָט וועט מיין צער אַננעהמען; ער וועט איהם זיין האַרץ צוריק אומקעהרען.

ר׳ בנימין: גאָר נישט דאָס...

שרה: איך פערשטעה נישט.

ר׳ בנימין: איך הער אין דעם קול גאָר עפּיס אַנדערש. נישט מיט דעם קול האָט ער געלערנט, ווען די תורה אונזערע איז פאַר איהם הייליג געווען... דאָס מיינט ער דעם אַלטען ניגון צופּאַסען צו זיינע נייע ווילדע געדאַנקען. דער ניגון יענער קען זיך אָבער נישט צופּאַסען — און קיינמאָל וועט עס נישט זיין. דאָס איז דערפאַר וואָס אין זיין פריהער־דיגער תורה איז דאָס אייביגע לעבען פערבאָרגען; און אין דער נייער תורה זיינער איז שוין קיין לעבען נישטאָ. און דער ניגון פּאַסט זיך דעריבער נישט צו. (שטיל)

שרה: אפשר זאָלסטו מיט איהם נאָך אַמאָל רעדען?

ר׳ בנימין: ס׳איז איבעריג.

שרה: איך וועל איהם אַריינרופען אַהער.

ר׳ בנימין: עס וועט צו קיין שום תכלית נישט ברענגען. אַנדערש איז דאָך נישט געמאָלט וואָס ער בעהאַלט זיך אַזוי פון מיר. און אפשר בעהאַלט ער זיך נישט. ער וויל זיין טרויעריג פּנים נישט בעווייזען. אפשר וויל ער נישט בעווייזען, אַז זיין געמיט איז נאָך שווערער פון מיינעם... מען בעדאַרף נישט... וואָס איז מיט איהר?

שרה: זי רעדט גאָרנישט. נאָר איינמאָל האָט זי ווי אַ קליין קינד געוויינט און מעהר נישט... איז ווי שטום געוואָרען און געהט פון איהר חדר נישט אַרויס.

ר׳ בנימין: געהט פון איהר חדר נישט אַרויס... געלטען, ווייזט אויס, האָט זי יאָ געוואָלט מיט מיר רעדען, נאָר זי האָט

עס נישט געטאָן.

**שרה**: פון וואַנען ווייסטו עס?

**ר׳ בנימין**: זי איז צו מיר אַריינגעקומען. אַ צייט איז זי ביים טיר געשטאַנען, האָט מיך אָנגעקוקט און איז דערנאָך צוריק אַרויסגעגאַנגען. שפּעטער האָט זי ווידער די טיר געעפנט, אַ פּאָר טריט געמאַכט איבער דער שוועל און ווידער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. און אַזוי שווייגענדיג האָט זי זיך צוריק אומגעקעהרט... דאָס האָב איך שוין גאָר ניט פאַרשטאַנען.

**שרה**: אפשר האָט זי געמיינט, אַז דו שלאָפסט?

**ר׳ בנימין**: איך בין געזעסען אויף מיין געלעגער. (שטיל)

**שרה**: וואָס וועט זיין דער סוף?

**ר׳ בנימין**: ער זאָגט, אַז ער וויל זיין דער לעצטער... ער זאָגט.

**שרה**: (ביטער) אָבער דער סוף וואָס וועט זיין?

**ר׳ בנימין**: נישט ביים מענשען אין דער האַנד ליעגט דער גורל פון דער וועלט. נישט ביי דעם מענשען אין דער האַנד. וועט גאָט וועלען, וועט ער ווידער אַ מבול ברענגען; וועט ער ווידער אַלע מענשען פון דער ערד אָבמעקען — און אַז ער וועט וועלען, וועט ער דאָך אַנ׳אויסדערוועהלטען איבערלאָזען, וועלכער וועט ווידער די ערד בעפרוכפּערן.

**שרה**: אָבער מיט אונזער שטוב?

**ר׳ בנימין**: און ווען מיר וואָלטען גאָר אינגאַנצען געווען חשוכי בנים? ווייסט און גאָרנישט?

**שרה**: גאָט האָט דאָך אָבער אַזעלכעס מיט אונז נישט געטאָן. ער האָט דאָך אונז אַ קינד יאָ געגעבען...

**ר׳ בנימין**: איז עס אַ נסיון געווען; און דערצו איז דאָך נישט יעדערער זוכה.

**שרה**: מיט וואָס האָב איך עס פערזינדיגט ביי גאָט?

**ר׳ בנימין:** (שמייכעלט) פערזינדיגט? נישט אויף דעם זינדיגען שיקט גאָט זיינע נסיונות. איז אברהם אבינו ריין פון זינד געווען און גאָט האָט אויף איהם אַ נסיון געשיקט, ער זאָל אָהן איין קינד בלייבען.

**שרה:** צי דען איז עס פאַר די כחות פון אַ מאַמען אַזעלכע נסיונות איבערצוטראָגען? וואָס אַ רגע פיהל איך, אַז אַ טייל פון מיין נשמה שטאַרבט אָב און אַ טייל פון מיין לייב ווערט פערלאָרען.

**ר׳ בנימין:** שטאַרק זיך... זאָג: „איך דאַנק דיך, גאָט, און איך לויב דיך, וואָס דו האָסט מיך געבענשט, און דיין קללה, וואָס דו האָסט אויף מיר אָנגעשיקט, האָב איך עס שפּעטער אויך פאַר אַ ברכה אָנגענומען. וואָרום דיינע קללות וואָס דו שיקסט אויף אַ מענשען — זענען עס ברכות“... מיר, גאָטס בעשעפענישען, זענען איינס פון זיינע וואונדער, און דעם געדאַנק וואָס ער האָט אונז געגעבען איז עס צו בעגרייפען זיינע וואונדער — און זיין גרויסקייט צו לויבען. אַזוי איז עס געשעהן און אַזוי וועט עס שפּעטער, אין די וויטערדיגע דורות, אויך דויערן. און אויב איינער מיינט, אַז ער קלערט אַנדערש, הייסט עס, אַז גאָט האָט אויף אַ רגע זיין חסד אַראָבגענומען פון דעם דאָזיגען מענשען... און אָט אַזוי טרעפט עס אַמאָל מיט אַ גאַנצען דור: — גאָט נעהמט אַראָב זיין חסד פון אַ גאַנצען דור.

**שרה:** (ווי פאַר זיך) און ער האָט געמאַכט, אַז עס זאָל וועה טאָן ניסורים זאָלען אויפ׳ן מענשען פאַלען איבער זיינע כחות...

**ר׳ בנימין:** אין דעם בעשטעהט דער גרויסער סוד פון דער בריאה. אַלץ ווערט מיט וועהטאָג און מיט יסורים גרויסע געבאָרען. איז דען פאַרהאַנען אַ גרעסער גליק פאַר דער מוטער, ווי דעמאָלט, ווען זי ברענגט איהר קינד אויף דער וועלט? און דער וואָס אין הימעל האָט נאָך איהר גליק פערגרעסערט מיט דעם, וואָס ער האָט אויף איהר שווערע יסורים אָנגעשיקט, כדי דאָס גליק זאָל איינגאַנ-

צען איבער איהר אנהויבען צו געוועלטיגען . . . געהט זיך עס שוין אזוי פון אנהויב וועלט אן אינאיינעם גע־פלאכטען דאס גרויסע גליק מיט די גרויסע צרות און ליידען .

שרה : אפשר זאל איך גאר שווייגען . . . פערשליסען דאס מויל ; פערשליסען דאס הארץ . . .

ר' בנימין : נישט שטענדיג איז דאס שווייגען א צייכען פון אונ־טערטעניגקייט .

שרה : דורך שווייגען וועט מען דאך אבער קיין זינדיג ווארט נישט אויסרעדען .

ר' בנימין : אויב דו פערשטעהסט אזוי — בין איך געווים צופרידען . האב איך גענגען דעם גארנישט ... לאמיר ביידע שווייגען... שוין ביידע שווייגען (בלייבען שטיל . ווידער הויבט זיך אן צו הע־רען , ווי פריהער , יחיאלס שטימע . זיי וואכען אויף און הערען זיך צו .)

ר' בנימין : (נאר אונגעריכט שטעלט ער זיך ענערגיש אויף און מאכט עטליכע טריט אין דער זייט פון וואנען ס'הערט זיך יחיאלס קול)

שרה : (דערשראקען) וואס ווילסטו טאן ?

ר' בנימין : (ער שטעהט קוים איין אויף די פים) פיהר מיך צו איהם .

שרה : (שטיצט איהם) וואוהין ?

ר' בנימין : צו איהם , איך וויל . . . (די ווערטער רייסען זיך איבער . ער קען ניט בעהאלטען זיין אויפרעגונג . עס שיינט , אז ער וואלט וועלען זיך אליין גובר זיין און ניט געהן , . . יחיאלס שטימע ווערט מיט אמאל אנטשוויגען און ר' בנימין ווי ער וואלט מיט אמאל זיין פריהערדיגע אונגעריכטע ענערגיע פערלארען און ער בלייבט שטעהן אין פער־צווייפלונג)

שרה : וואס איז מיט דיר ? . . . (רופט) יחיאל , וואו ביסטו ? יחיאל . . .

ר' בנימין : נישט . . . נישט רוף . . . ס'איז מיינע יסורים ; מיינע אייגענע מיינע . . . (געהט אב צו זיך אין צימער, געשטיצט פון שרה'ן)

**יחיאל** : (ער קומט אריין, קוקט פערוואונדערט זיך ארום. צו מערקען, אז זעהר פיעל האט ער איבערגעלעבט פאר דער לעצטער צייט.) וואס איז דא געשעהן? (רופט:) מוטער! האסט מיך גערופען? (ניט בעקימענדיג קיין ענטפער, דערנעהנטערט ער זיך צו ר' בנימינס צימער און ער הערט זיך צו. ס'הערט זיך שרה'ס שטימע רעדט אויף יענער זייט טיר)

**שרה** : (נאך אויף יענער זייט טיר) נו, גוט, איך וועל דיך לאזען... ווי קען איך עס אבער טאן... ווילסט נישט, איך זאל דיך זעהן טרויעריג... ווילסט נישט, איז גוט... נו, איז גוט... (זי קומט אריין און פערמאכט אהן חשק די טיר הינטער זיך. קענטיג, זי האט נאך עפּיס געוואלט זאגען, נאר בעמערקענדיג יחיאל'ן, פערענדערט זיך מאמענטאל דער אויסדריק פון איהר געזיכט, און עס בעקומט א מוטערליכע צארטקייט, און א מוטערליכער שמייכעל בעווייזט זיך ארום איהרע ליפּען, נאר באלד פערשווינדט ער. זי זאגט גארניט. א ווייליע שטעהט זי אין ערווארטונג, נאר באלד לאזט זי זיך אראב אויף א שטוהל, רעכטס נעבען פענסטער.)

**יחיאל** : (מיט א בעהאלטענער אונרוהיגקייט) וואס איז מיט דיר?

**שרה** : דעם פאטער איז פריהער נישט גוט געווארען.

**יחיאל** : האסט מיך גערופען?

**שרה** : איך האב זיך דערשראקען און האב דיך גערופען

**יחיאל** : און איצטער וואס איז מיט איהם?

**שרח** : איהם איז בעסער... איהם איז היינט בעסער ווי נעכטען. (עס זעהט אויס, אז זי וויל פון איהם פערבארגען ר' בנימינס צושטאנד. איהרע אונרוהיגע בליקען זענען יעדעס מאל צו ר' בנימינס טיר געווענדעט)

**יחיאל** : וואס בעהאלטסטו זיך פון מיר?

**שרה** : מיין קינד...

**יחיאל** : ווילסט ניט, איך זאל רעדען?

**שרה** : אט טו דיר דאס וואס דו ווילסט און וואס דו פערשטעהסט.

**יחיאל** : ווילסט זיך פון מיר דערווייטערן?

שרה : (קוקט איהם אָן)

יחיאל : איך וועל דיך אַליין לאָזען — דיר זאָל גרינגער זיין.

שרה : איך האָב דיך גערופען... מיר איז שווער אַליין צו זיין אין שטוב. איך קען עס שוין מעהר נישט פערטראָגען.

יחיאל : און אַז דו זעהסט מיך נעבען זיך, איז דען דיר גרינגער? ביסטו דען ניט אַליין?

שרה : נישט דאָס זאָלסטו פון מיר פרעגען.

יחיאל : נאָך אַזוי פיעל שמערצען וואָס איך האָב דיר פערשאַפט און דו...

שרה : אַ קינד פערשאַפט אַ מאַמען קיין יסורים נישט.

יחיאל : דאָס איז, מאַמע, ניט ריכטיג.

שרה : ווי דען פערשטעהסטו?

יחיאל : איצטער, קוקענדיג אויף דיר, טראַכט איך: פערשעלטען בעדאַרף די מוטער דעם טאָג, וואָס זי האָט איהר קינד געבאָרען; פערשעלטען די מינוט, וואָס זי איז אַ מוטער געוואָרען... זאָג מיר, וואָס בין איך פאַר דיר?

שרה : ביסט פאַר מיר דאָס, וואָס יעדעס קינד איז פאַר אַ מאַמען.

יחיאל : וואָס גיב איך דען אַזעלכעס דיין מוטערליכען האַרץ, וועלכעס פלאַגט זיך אַזוי?

שרה : אַלץ, וואָס אַ קינד איז נאָר בכח דער מוטער צו געבען.

יחיאל : מיט מיין שכל בעגרייף איך עס ניט.

שרה : אַ מאַמע, אַז זי ליעבט איהר קינד, טראַכט זי דערביי גאָרנישט. אַ מאַמע שלאָפט און דאָס קינד זויגט איהר ברוסט. נישט דאָס קינד ווייסט, אַז די מאַמע שלאָפט, און נישט די מוטער ווייסט, אַז דאָס קינד זויגט איהר ברוסט. אַזוי איז עס געשעהן. איינער אָהן דעם אַנדערן איז גאָרנישט. — ווען נישט דאָס קינד, וואָלט קיין מוטער נישט געווען.

יחיאל : און ווען דאָס קינד ווערט עלטער ?

שרה : ווען דאָס קינד ווערט עלטער, איז שוין דעמאָלט די מאַמע אינגאַנצען נישטאָ ; נאָר איהר קינד איז פאַרהאַנען. די מאַמע איז שוין דעמאָלט נישט מעהר ווי אַ שאָטען וואָס בעשיצט דאָס שוואַכע גרעזעלע פון דער ברענענדיגער זון. (בײדע שווײגען לאַנג)

יחיאל : און מעהר האָסטו מיר גאָרניט וואָס צו זאָגען ?

שרה : איך קען דיר זאָגען נאָר אַזעלכע ווערטער, דורך וועלכע איך זאָל דיך נישט ברענגען, חלילה, צו קײן עבירה.

יחיאל : איך פערשטעה ניט.

שרה : איך וועל דיך עפּיס הײסען, דו וועסט מיך נישט פאָלגען, און דערנאָך וועסטו דעם שולד בעדאַרפען טראָגען. וועל איך שוין בעסער נאָר שווײגען. שווײגען ; אַלץ אין האַרצען פערבאָרגען און דערבײ נאָר פון דעם אלמעכטיגען גאָט טראַכטען.

יחיאל : איך ווײס, אַז דו וועסט מיך צו קײן עבירה ניט ברענגען.

שרה : איך האָב פריהער געהערט דײן קול פון יענעם חדר און כ'האָב געמײנט, אַז די אַמאָליגע טעג די ליכטיגע קעהרען זיך צו מיר ווידער אום. עס קעהרען זיך אום די שענע ליכטיגע נעכט, ווען איך בין אויף מײן בעט געלעגען, געמאַטערט זיך נישט אײנצושלאָפען, כדי איך זאָל קענען הערען אײער בײדענס געזאַנג... דאָס הײליגע געזאַנג וואָס האָט פון דרינען געצויגען... איך האָב מיך אָן דעם דערמאָהנט.

יחיאל : איך האָב עס טאַקי געטאָן.

שרה : דײן קול איז דאָך אַזוי גלײך צו זײנעם.

יחיאל : איך האָב עס טאַקי געטאָן. איך בין גאַנץ אַלײן נעבליבען און איך האָב געוואָלט אַזוי מאַכען, אַז איך זאָל מיך אָן מײנע יונגע יאָהרען דערמאָהנען.

שרה : דײנע יונגע יאָהרען... און איצטער ?

**יחיאל**: איצטער איז מײַן האַרץ געוואָרען אַ דירה פאַר פרעמדע און אײַגענע לײַדען און די יוגענד איז פאַרבײַ... האָסט מיר מעהר גאָרנִיט וואָס צו זאָגען?

**שרה**: איך ווײס נישט.

**יחיאל**: (מיט אַ ציטערנדען קול) איך פערלאַנג עס פון דיר. איך וויל, דו זאָלסט צו מיר נאָך רעדען... דו ביסט פאַר מיר דאָס הײליגע געשטאַלט, וואָס שוועבט אום אין די שטילע נעכט אויף די יודישע בית־עולמ׳ס און פערגיסט אויף יעדען קבר אין דער שטיל הײסע טרעהרען, און אז דער מאָרגענשטערן געהט אויף, פערשווינדט דאָס הײליגע געשטאַלט, לאָזענדיג אויפ׳ן בית־עולם אַ סוד אַ בעהאַלטענעם, וואָס קײנער ווײסט ניט זײַן בעשײד.

**שרה**: טרעהרען פערמאָג איך ווי יעדע מאַמע; אָבער איך וויל דיר, מײַן קינד, קײן טרעהרען נישט שענקען.

**יחיאל**: נײן, איך בעט פון דיר קײן טרעהרען ניט. איך בעט פון דיר, אַז דו זאָלסט אויף מיר דײַנע אויגען וואַרפען, ווי אויף אַ קלײן פערשטיפט קינד, וועלכעס די מאַמע שלאָגט אָן איבער די הענדטליך און דערנאָך, ווען עס ווײנט, ווישט זי איהם די טרעהרען אָב און קושט איהם אויף זײַנע פערווײנטע בעקעליך... און אַז דאָס קינד ווערט אַנטשלאָפען, שטעהט זי, די מוטער, בײַ זײַן וויעגעלע און זי מסר׳ט בײַ זיך אין האַרצען אַלײן אויף זיך... „כ׳האָב עס, נעביך, אומזיסט איבער די הענדטליך געשלאָגען"...

**שרה**: (זי ווערט בעגײַסטערט פון זײַנע רייד. זי קוקט איהם מיט ליעבע אין די אויגען אַרײַן, פערגעסענדיג זיך אײַנגאַנצען)

**יחיאל**: (בעמערקט עס) וועסטו מיר דאָך עפּיס זאָגען...

**שרה**: (צוריק אין איהר פריהערדיגער פערשטײנערטער פּאָזע) איצטער ביסטו שוין פון מײַן רשות אַרויס; אין דעם רשות פון גאָט ביסטו.

**יחיאל**: אַלץ וואָס דו וועסט מיך הײסען, וועל איך פאָלגען, גלײַך

ווי גאָט אַליין וואָלט עס מיר הייסען.

**שרה**: און דו וועסט נישט פאָלגען.

**יחיאל**: (שווייגט)

**שרה**: איך וויל פון דיר אַיין זאַך בעטען — דיין מאַמע פערלאַנגט עס פון דיר. — ניין, זי בעט עס פון דיר... געה אַריין צו רינה'ן אין איהר חדר אַריין. טרייסט זי. געפין פאַר איהר אַ פאָר ווערטער. איך קען עס נישט. איך קען נישט שטעלען קיין גרעניץ פאַר מיינע טרעהרען, ווען מיינע אויגען בעגעגענען זיך מיט איהרע — אָבער דו... האָסטו דען נישט דיין גאַנצע יוגענד וועגען איהר געחלום'ט?...

**יחיאל**: אָ, מיין חלום! ער שוועבט איצטער אום אויף די קברים פון די אונשולדיגע קינדער, פאַר דער צייט פון דער וועלט פערגאַנגענע.

**שרה**: געהסטו נישט?

**יחיאל**: וואָס זאָל איך איהר זאָגען? מיט וואָס פאַר אַ ווערטער זאָל איך זיך צו איהר ווענדען?

**שרה**: ווייניג ווערטער זענען פאַרהאַן אין האַרצען, וואָס טראָגט ליעבע?

**יחיאל**: ווי שרעקליך, אונדערבאַרעמדיג דיינע ווערטער זענען! דיינע צערטליכע מוטערליכע ווערטער ברענען ווי אומ־רחמנות'דיגע פייער־פלאַמען... דיינע צערטליכע, מוטערליכע ווערטער, מיט בשמים געזאַלבטע, און מיט שמערצען געזאַלבטע (ער טוליעט זיך צו איהר ווי אַ קליין קינד) נו, שוין; איך וועל צו איהר אַריינגעהן, אָדער זי וועט גאָר אַהער אַריינקומען... נו, איך וועל זי רופען און זי וועט אַהער אַריינקומען מיט איהר בלאַס, פער'חלום'ט געזיכט; מיט איהרע טיעפע פער'חלום'טע אויגען — זי וועט אַריינקומען און פרעגען: וואָס האָסטו מיך גערופען? וואָס ווילסטו מיר זאָגען?... — וואָס זאָל איך איהר ענטפערן? איך האָב דאָך פאַר איהר קיין ענטפער ניט...

(שמערצליך) ניין, איך האב ניט וואס צו ענטפערן...

**שרה** : קיין איין ווארט האסטו נישט פאר איהר?

**יחיאל** : און זי בעדארף עס ניט. איך וועל ניט זיין דער דאזי־גער, וואס וועט מאכען, זי זאל זיין אזוי אומגליקליך ווי דו איצטער. אט זיצסטו איצטער און קוקסט מיר אין די אויגען מיט חנינה און שרעק צוזאמען. צי דען בעדארף איך דיינע ווערטער? צי דען ווייס איך ניט, וואס דו לעבסט איצטער איבער און וויפיעל דו האסט שוין אי־בערגעלעבט ביז דו ביסט געקומען דערצו, אז דו ווילסט מיר גאר ניט ענטפערן אין דער צייט, וואס איך דיין קינד, דיין איינאונאיינציג קינד פערלאנגט עס פון דיר...

**שרה** : (זי בייסט די ליפען פאר שמערצען. מען זעהט, אז זי שטרענגט אן אלע קרעפטען איהרע ניט צו וויינען. רעדט און ווערגט זיך מיט די ווערטער) זאג, וואס ווילסטו פון מיר? וואס שטעהסטו נעבען מיר? אט זענען צוויי טירען; איינע רעכטס איינע לינקס. געה, עפען אויף איין טיר און בעוויז דיין אמא־ליגען ליכטיגען פנים; עפען אויף די צווייטע און רעד אויס א פאר פרעהליכע ווערטער. — וואס נאך קען איך דיר הייסען? — איך, צופלאגטע מאמע...

**יחיאל** : איך, צופלאגטע מאמע!... דאך זיך מורה געווען!... דער אמת האט דאך דעם נארישען געפיהל מנצח געווען!

**שרה** : וואס דען האב איך בעדארפט זאגען, ווען מיין שטוב איז אזוי פערפינסטערט געווארען?

**יחיאל** : יא, די שטוב איז פערפינסטערט געווארען... און פאר דינה'ן האב איך קיין איינציג ווארט ניט, וואס זאל איהר גרינגער מאכען. ווייל זי איז ווי דו און אזוי זענט איהר אלע בלויז די שפראצונגען פון דעם מוטערליכען געפיהל, וועלכער געוועלטיגט מיט אונרעכט צייט די וועלט האט איהר נאמען בעקומען. איך וויל ניט, אז דורך מיר זאל זי זיין אזוי אומגליקליך ווי דו.

**שרה** : (ווי זי וואלט איצטער ערשט אנהויבען צו פערשטעהן, וואס ער האט מיט איהר גערעדט און וואס עס קומט פאר אין שטוב אין אלגעמיין.

ווענדעט זיך צו איהם פערוואונדערט,) וואס הייסט ? און די
שטוב ? און א געדעכעניש ? . . .

יחיאל : איך בעדארף עס ניט .

שרה : איך בעדארף עס אבער !

יחיאל : מיין לעבען און מיין טויט איז מיט מיר אליין פערקניפט.
מיין געדעכעניש לעבט . מיט מיר אליין און מיט מיר וועט
עס זיך ענדיגען .

שרה : (מיט שרעק) אט דאס האסטו געמיינט ? און דאס, הייסט
עס, האט דער פאטער אויך פריהער געמיינט. . . זאג מיר,
מיין קינד, וואס זאל עס בעדייטען ? . . .

יחיאל : (רוהיג) איינפאך ; ווי נאר דו קענסט פערשטעהן .

שרה : און אזעלכעס האסטו געזאגט איהר, דינה'ן ?

יחיאל : כ'האב עס איהר געזאגט גאנץ קלאר און אפען .

שרה : און צוליעב דעם איז דער פאטער קראנק

יחיאל : אפשר יא און אפשר ניט .

שרה : דאס קען נישט זיין . דאס וועט קיינמאל נישט זיין . . .
איך וועל זי אליין פרעגען (רופט) דינה !

יחיאל : אך, מוטער, דאס איז אינגאנצען איבעריג . רוף זי ניט .

שרה : איך וויל אליין ביי איהר פרעגען, וואס דו האסט איהר
אזעלכעס געזאגט (זי געהט צום טיר און רופט) דינה, איך
קען צו דיר אריינגעהן ? (זי עפענט אויף די טיר און קוקט אין
צימער פערוואונדערט, גלייך ווי זי זאל דארט עטוואס אונגעווערהנלי-
כעס מערקען . זי טרעט אב אן א זייט און דינה קומט ארויס)

דינה : (זי איז יום-טוב'דיג אין העלען אנגעטאן . די בלאנדע האר איהרע איז
צוויי גרויסע צעפ אויסגעפלאכטען . איהר בלאס טרוימעריש אויסזעה
איז ליכטיגער ווי שטענדיג : ווי יונגער וואלט זי געווארען . העלער
און יונגער קלינגט איהר שטימע . מיט א שמייכעל בעקוקט זי אלץ
ארום)

שרה : גאט אין הימעל, וואס איז דא געשעהן ?

**דינה** : (טרוימעריש) ווי שען איז היינט דער טאג ! ווי ליכטיג איז היינט דער טאג ! . .

**יחיאל** : דינה . . .

**דינה** : וואס קוקט איהר מיך אזוי פערוואונדערט אן ? וואס איך האב צוריק מיינע מיידעלשע קליידער אנגעטאן ? וואס איך האב צוריק מיינע מיידעלשע צעפ אויסגעפלאכטען ?

**שרה** : וואס ווילסטו טאן ? וואס האסטו די קליידער . . . וואס איז דא ?

**דינה** : (צו יחיאל'ן, וועלכער שטעהט נאך אלץ ווי פערגליווערט) מיין ליעבס־טער ! מיין אויסדערוועהלטער ! וואס קוקסטו אויף מיר אזוי פערוואונדערט ? איך וועל באלד דערצעהלען וואס מיט מיר איז געשעהן . . . איך האב א שענעם חלום געזעהן און ער האט מיר צוריק מיינע מיידעלשע יאה־רען אומגעקעהרט .

**יחיאל** : ניין , דאס איז שוין מעהר קיין חלום ניט !

**דינה** : קיין מוטער וועל איך דאך שוין ניט זיין — בעדארף איך דען מיין קאפ צודעקען ? איך האב שוין אמאל געהאט זיעבען זיהן און זיעבען טעכטער, איינס אין דעם אנדע־רען זענען זיי געראטען געוועו ; אזעלכע צעפ ווי מיינע האבען די טעכטער געהאט ; צוויי צעפ גאלדענע האט יעדע פון זיי געהאט . . . אייך וואונדערט עס ? איך האב זיי אלע אין חלום געזעהן (נעהמט ארום שרה'ן ארום האלז, קוקענדיג מיט ליעבע צו יחיאל'ן)

**יחיאל** : ווי גליקליך ביסטו , וואס דיינע קומענדיגע טעג האבען זיך אין אזא שענעם חלום פערביטען ! דערצעהל מיר איהם ווייטער .

**שרה** : (קושט דינה'ן) רעד נישט , רעד נישט ; ווארום איך וועל עס גאר נישט איבערטראגען .

**יחיאל** : וואס שרעקסטו זיך , מוטער ? זעה, בעסער, ווי שען די וועלט איז פאר דעם , וואס די גאנצע וועלט און דאס גאנצע לעבען האט זיך אין א חלום פערוואנדעלט .

**דינה** : נײן, מײן טײערער, דאָס איז דאָך דײן חלום אויך געװען... די זיבען זיהן און די זיבען טעכטער, װאָס כ'האָב אין חלום געזעהן, זענען דאָך דײנע אויך געװען... (טרוימעריש) אַלע, אַלע האָבען זײ מיך אַרומגערינגעלט, אַלע, אַלע האָבען זײ אַרומגעשטיפּט און אין אײן נאַכט זענען זײ פון מיר פערשװאונדען געװאָרען... עמיצער האָט זײ בײ מיר צוגענומען; אַנ'אַכזר, אָהן רחמנות איז ער געװען... אויף מאָרגען האָב איך אויפ'ן בית-עולם פיערצעהן קבריםלעך געפונען: זיבען פון מײנע זיהן און זיבען פון מײנע טעכטער... האָב איך זיך אַהײם אומגעקעהרט, מײן קאָפּ מיט אַ זילבערנעם קאַם צוקעמט: אויף איהם מײנע גאָלדענע, מײדעלשע האָר צוקעמט און פון זײ צװײ גאָלדענע מײדעלשע צעפּ אײנגעפלאָכטען... (בעקוקט איהרע צעפּ) כ'האָב מײנע מײדעלשע יום-טוב'דיגע קלײדער אָנגעטאָן... איצטער װעל איך אויף דער גאַס געהן און װעל זינגען (זי זינגט מעלאַנכאָליש מיט אַ ציטריגער שטימע, אין װעלכער עס קלינגט אונענדליכער עלענד און לײדען):

**דינה** : (זינגט מעלאַנכאָליש)

מײדע-ליך, איהר שע-נינקע;
מײדע-ליך, איהר פײַ-נינקע;
הערצע-ליך, איהר רײנ-ינקע;
אין װאָס פאַר אַ לאַנד
ט'איהר מײנע קינדער גע-זעהן?..
מײנע קינדער געזעהן?...

**שרה** : (לאָזט זיך אַראָב אויף אַ שטוהל און איהר גאַנצער קערפּער ציטערט פאַר אײנגעהאַלטענעם געװײן.)

**יחיאל** : (שטעהט ניט װײט פון אַרויסגאַנג-טיר און קוקט, ניט אַראָבנעהמענדיג זײנע אויגען פון דינה'ן.)

**דינה** : װעמען בעװײנט איהר, מאַמע מײנע? מיך אָדער די קינדער מײנע?... ניט װײנט, ניט װײנט. אָט שטעהט

מײַן געליעבטער, אָט שטעהט מײַן שענסטער; ווידער וועל איך נאָך אַ קינד מיט מײַנע הענד וויעגען... (זי קוקט אַמאָל צו שרה'ן, אַמאָל צו יחיאל'ן. אויף איהר געזיכט רוקט זיך אַ וואָלקען אָן. טרױמעריש:) איהר האָט שוין פאַר מיר קיין איין וואָרט ניט... קיין איין וואָרט... קיין איין שמײכעל ניט... (זי רעדט שטילער) ווי שרעקליך עס מוז מײַן חלום זײַן... ווי שרעקליך עס מוז מײַן חלום זײַן...
(זי פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד.)

---

# צװייטעס בילד.

דאָס אײַנגענע צימער. שפּעט בײַנאַכט, דאָס צימער איז בע־לויכטען פון דעם נשמה־ליכט, וועלכעס שטעהט אויפ'ן פענסטער רעלטס. דאָס פענסטער אין דעם הינטערגרונד איז אָפען און ס'הערט זיך דער גערויש פון די בלעטער אין גאָרטען.

**יחיאל**: (ער זיצט ניט ווײַט פון דעם נשמה־ליכט אויף אַ פוסבענקעלע און דער קאָפּ נידערגעבויגען. ער גלײַכט זיך אויס, פיהרט דורך זײַן האַנד איבערן געזיכט. רעדט גאַנץ אײַנגעהאַלטען:) ניין; מײַן לעבען וועט זיך שוין אין קיין חלום ניט פערוואַנדלען. איך וועל מוזען אין דער ווירקליכקײַט לעבען און ווער ווייסט ווי לאַנג עס וועט נאָך מײַן וועג דויערן?... (ער נעהמט פון טיש אַ קליין פּעקעלע אײַנגעוויקעלט און געהט גאַנץ זיכער פון שטוב אַרויס. אַ ווײַלע שטיל.)

**דינה**: (זי קומט אַרויס פון איהר צימער, אָנגעטאָן ווי פריהער. קוקט זיך אַרום. זי געהט צו בנימינס טיר און הערט זיך אַ ווײַלע צו. רעדט בעדויערנדיג:) ניטאָ, ליידיג געוואָרען דאָרט אויך. (זי טרעט אָב פון טיר) און דו, מײַן געליעבטער, וואו ביסטו?.

אַ חלום האָט זיך מיר געחלומ׳ט — כ׳וויל דיר איהם דערצעהלען . . . (דערצעהלט:) אין שטוב איז אַ חיעגעלע געהאַנגען און אין דעם האָט יך מיין קינד געוויעגט . . . מיט מיינע פיס האָב איך דאָס וויעגעלע געהויעגט . . . מיט די הענד האָב איך פאַר איהם זעקעליך זיידענע געשטריקט און די אויגען האָבען אויף זיינע בעקעליך געקוקט. (זינגט)

מיידע־ליך איהר שעניִנקע;
מיידע־ליך איהר פייניִנקע;
הערצע־ליך איהר רייניִנקע;
וואו האָט איהר מיין חלום געזעהן?
וואו האָט איהר מיין קינד געזעהן? . .

ניטאָ. ער איז פון שטוב אַרויס. און מיר האָט ער קיין וואָרט ניט געזאָגט . . . צוריק בין איך אַ מיידעל געוואָרען און איהם מיינע אויגען האָב איך בעוויזען געוואָלט . . . „זעהסטו" — האָב איך איהם געוואָלט זאָגען — איז ער פון מיר אַוועקגעגאַנגען און גאָרניט געזאָגט . . . און גאָרניט געזאָגט . . . (זי בעמערקט אויף דער ערד אַ פּאָר בלעטער פּאַפּיר; נעהמט זי זיי, געהט צו דעם נשמה־ליכט וואָס אויפ׳ן פענסטער רעכטס און לעזט:) „איך וויל, אַז מיין הארץ זאָל אויף אייביג פערשטיינערט ווערען . . . זאָל קיין מוטערליכע טרעהר איהם בעריהרען . . . זאָלען די אויגען פון דער געליעבטער איהם ניט ווייכער מאַכען . . . זאָל איהם אפילו דער עלענד אַליין ניט מנצח זיין" . . . (איהר לעזען געהט איבער בּיסליכווייז אין אַ ציטריגען געוויין) „מיין פאָלק, מיין הארציג, געליעבטעס פאָלק . . . אַ טייל פון דיין גרויסער נשמה איז מיר דורך מיינע עלטערן איבערגעגעבען געוואָרען . . . אין מיינע אָדערן שלאָגט דאָס בלוט פון דעם ערשטען פון דיינע קינדער, וואָס האָט אויף זיך דעם נאָמען, דעם אויסדערוועהלטען, געטראָגען . . . און אין מיין הארצען טראָג איך פערבאָרגען דעם וועהטאָג פון דעם ער־

שטעֶן פון דיינעֶ קינדעֶר, וואָס גלייך דעֶם נאָמעֶן דעֶם אויסדעֶרוועֶהלטעֶן בעֶקומעֶנדיג, האָט עֶר זיך אויף אײביג פון דעֶר עֶרד אָבגעֶריסעֶן"... (זי שפּאַרט זיך אָן אָן פעֶנסטעֶר און בלייבט אַזוי שטעֶהן ווי פעֶרגליווערט און שטום; דאָס געֶזיכט דאָס בלאַסעֶ, פון דעֶם נשמה-ליכט בעֶלויכטעֶן...)

תרע"א.

(ענדע.)

